№ 49. צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־צייטונג

2 Dezember 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. י"ג כסלו תרס"ד.

אינהאלט: אדער נאר אדער נארנישט; שמעון מנחם לאזאר. — אוגזער וועלטל; בעל עצה. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס. — דער משפט אין קישינוב. — וועגען די רבנים־אספה. — ציון און מזרח־אפריקא. — די יודישע בריגאדע. — קארעספאנדענציעס: קראקא; ל. — בריף פון פאריז; ד"ר בדן. — אין א הערבסט־טאג; משה טייטש. — דאס פארלאשענע ליכט (שיר); יהואש. — מיין ערשטער מאלציט אין דער פרעמד; מ. ב. לאזעבניק. — ווי אזוי לערנען זיך מענשען רעדען; י. וויינבערג. — אין אפענער בריף צו די דעלעגירטע פון זעקסטען קאנגרעס; בני ציון. — מודעות.

פעליעטאן: לצנות; שלום־עליכם.

„אַגאַטאַל“-גורסקי, ווארשא, לעשנא № 4

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאָהנער,

פערהיטעט זיי פון פוילען און ווייטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז 20 קאפ׳ און 30 קאפ׳. פאַרדערן איבעראל. (125)



**Поступили въ продажу новыя книги**

**П. Г. КЛЯЧКО**

(Законоучит. Бѣлостокск. Реальн. уч. и учит. начальн. евр. училища)

4—3 (268)

## 1. „Подъ знаменемъ Маккавеевъ“

**Иллюстрированный** историч. очеркъ для евр. юношества къ **празднику Ханука.**

Цѣна 15 коп. съ перес. 17 к. Сіонистск. кружкамъ 1000 экз. за 12 р. съ пер.

## ∘ ∘ 2. „Баръ-Мицво“ ∘ ∘

Ученіе объ обязанностяхъ еврея, достигшаго религіозн. совершеннолѣтія, съ приложеніемъ: **Застольныя рѣчи для конфирманда.**

Цѣна 30 коп. съ перес. Обѣ книжки вмѣстѣ за 40 коп. съ пересылкой. **!**

**2-ая книжка имѣется въ изящн. переплетѣ (для подарк.) Цѣна на 10 коп. дороже.**



**עס איז ארויס פון דרוק א נייע (צווייטע) אויסגאבע און געפינט זיך צופערקויפען**

# קאליקעס

ערצעהלונג

פון **מ. ספעקטאר**

פרייז מיט פארטא **50** קאפ.

זיך ווענדען אויף די אדרעסע פון הערויסגעבער:

**Книжный магазинъ ИСААКА ФУНКА, ВИЛЬНА.**

**ביי דעם זעלבען הערויסגעבער זענען צו פערקויפען דיזע ווערק פון מ. ספעקטאר:**

(דריטטע אויפלאגע)

**די יודישע וועלט.** א זאמלונג ערצעהלונגען, פרייז 60 קאפ.

**דער יודישער מוזשיק.** א ראמאן אין 4 טייל, פרייז 1 רובל.

עס דרוקט זיך און אין גיכסטען וועט זיך געפינען צום פערקויף דאס ווערק פון מ. ספעקטאר

**עניים ואביונים**

(דריטטע אויפלאגע)

(265 א ראמאן אין צוויי טהייל פרייז 1 רובל מיט פארטא. 3—5




# הויז-דרוקערייא

מיט מיינע טיפען-דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העברייאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צוא בעציען אויס דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד „передвижн. буквъ „ПОБѢДА“

**И. А. ЛЕВИНСОНА**

**въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16 und in WIEN, Adlergasse 12.**

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| גארניטור | № 60 | מיט 100 | בוכשטאבען | 1. ר"ז | № 65 | מיט 540 | בוכשטאבען 4.50 |
| „ | „ 62 | „ 200 | „ | 2.— | „ 66 | „ 780 | „ 6.— |
| „ | „ 63 | „ 335 | „ | 3.— | „ 67 | „ 1160 | „ 10.— |

מיינע פאבריקען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל נורפאם בעסטען מאטעריאל פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

**אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט**

# מ. קאצין בריסק דליטא

אין מיין דאמפף-פאבריק פון גילזען, ווערען דיא גילזען געמאכט פון דעם

**בעסטען סארט פאפיער און לויט דער היגעניע**

דורך די נייע מאשינען, וואס איך האב פערשאפט פון אויסלאנד. דאס פאפיער, דער מונדשטיק אין די וואטע ווערען צונויפגעקלעבט נישט דורך די הענד, וואס דאס איז ניט היגעניש, נאר דורך א מאשינע, וואס איז ספעציעל דאצו. 4—3

אין יעדען קעסטעל גילזען געפינען זיך פערשיעדענע גוטע און זעהר שיינע פרעמיעס.

**М. Кацинъ, Брестъ-Лит.**

# לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.

זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № **37** (135) 50—3

דיא ערשטע און איינציגע

## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוה"ווערק.

**А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.**

נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטערשיעד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע און די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער נייע, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.

פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי איינגעהן לויט בעשטימטע בעדינגונגען. ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט אריינשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.

דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר

А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.

פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 3 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.

229 ז׳ 25—

רעפעראציאן ווערד פערפערטיגט ווארטענדיג.

# ♣ ШЕСТОЙ КОНГРЕССЪ ♣

**Полный отчетъ о современномъ сіонистскомъ движеніи**

**сочиненіе Г. А. Любарскаго.**

**Книга эта (около 120 печатныхъ стран.) скоро выйдетъ изъ печати.**

**Цѣна съ пересылкой 60 к.**

**ТРЕБОВАНІЯ АДРЕСОВАТЬ:**

**Торговому Дому Г. М. ЛЕВИНСОНЪ, въ Одессѣ.**

Nr. 49. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אינגארן: יעהרליך 10 קראנען, האלב־יעהרליך . . . . 5 „ פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“:
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

2 Dezember 1903. Nr. 49. י"ג כסלו תרס"ד.

# אדער גאר אדער גארנישט.

עס איז שוין אזא טבע ביי אונז יודען: אלעס איז אהן א מאס, אדער גאר אדער גארנישט. גאר עקסטרעמען, פון יעדער זאך דער העכסטער־גראד, הערשען אין אלע זאכען פונ'ם יודישען לעבען. אין אלע מדות זענען ביי אונז דא צוויי גרענעצען, וועלכע זענען אזוי ווייט איינער פונ'ם אנדערען ווי מזרח פון מערב. און טאקי דורך דעם זענען אפשר די מיינונגען איבער אונז ביי אנדערע פעלקער אזוי פארשיעדען. דא הייבט מען אונז ביז צום הימעל, מען איז אונז מקנא, מען ווינשט זיך יעדער זאל אזוי זיין, מען הייסט זיך פון אונז א מוסר אראב נעמען, און דא ערנידריגט מען אונז טיעף אונטער דער ערד, מען האלט אונז פאר די ערגסטע באשעפענישען אויף גאטס ערד, פאר איין אויסוואורף פון די מענשהייט. פאר א סכנה צו די גאנצע וועלט אזוי, אז מען וויל אונז גאר אויסראטען מיט'ן וואורצעל.

און וואס זאגט מען ביי אונז דערצו? געוועהנליך זאגט מען ביי אונז, אז זיי זענען ביידע אומגערעכט: מיר זענען נישט בעסער און נישט ערגער פון אנדערע מענשען, מיר זענען גאנץ געוועהנליכע מענשען און האבען מענשליכע מעלות מיט מענשליכע חסרונות, מען דארף אונז נישט בעזונדער לויבען און נישט בעזונדער שענדען.

איז אבער טאקי באמת אזוי? איז ביי אונז נישט דא קיין בעזונדערע מעלות און קיין בעזונדערע חסרונות? לאמיר זעהן. דאס ערגסטע אומגליק ביי איין מענש און אויך ביי א גאנץ פאלק איז, אז מען קען נישט זיך זעלבסט. די וועלכע בעהויפטען, אז מיר זענען אין דעם פרט ווי אנדערע מענשען, נארען זיך זעלבסט. א פרעמדען וועלען זיי נישט נארען.

אט האט איהר, למשל, די מדה פון אחדות. טייל מענשען בעהויפטען, אז עס איז נישט דא אויף די גאנצע וועלט אזא פאלק ווי יודען, וואס זאל האבען אזוי אחדות צווישען זיך. קוים הערט מען א יודיש געשריי ערגעץ, רופען זיך אן יודען פון אלע עקען וועלט, מען שיט מיט געלד ווי זאמד און מען העלפט ווי ווייט מען קאן. דאס איז אמת. אבער מיר ווייסען אויך, אז עס איז אויף די גאנצע וועלט נישט דא אזוינע מענשען ווי מיר, וואס יעדער לעבט נאר פון זיינעט וועגען און דער כלל געהט איהם גאר נישט אן. ביי אנדערע פעלקער, אז עס שטארבט איין עשר, וואס האט געהאט א גוט הארץ, לאזט ער איבער א סומע געלד פאר'ן פאלק, פאר'ן כלל. און ביי אונז די גוטע הערצער, די אפענע הענט געבען אויף א ספר תורה, אויף א חברה משניות אדער אויף ארימע לייט, כדי — זיך צו קויפען עולם הבא, זיך צו זיכערען גוטס אפילו נאכ'ן טויט. אבער האט איהר נאך געזעהן א יודישען גביר, וואס זאל אבזאגען געלד פאר א זאך, וואס דאס גאנצע פאלק קאן דערפון א טובה האבען? איין באראן הירש, מעהר האט איהר נישט. יא מען זאגט חסידים האבען אחדות. קוקט אייך נאר גוט צו צו זייער אחדות. זיי פאראייניגען זיך, פארזאמלען זיך, שטיצען איינער דעם אנדערען. אבער צו וועלכען צוועק? אלץ כדי זיי זאלען זיך האבען א לוסטיג לעבען, כדי זיי אליין זאל גוט זיין. אבער וועלכע חסידים האבען א מאל אין זינען געהאט כלל ישראל? פארקעהרט, ביי זיי ווער עס פאהרט ניט צו זייער רבי'ן איז גאר קיין יוד ניט.

די מדה פון ענוה, בעשיידענהייט און זיך בעגניגען לאזען מיט וועניג. מען לויבט אונז מיט דעם. זעהר שען. א יוד קאן אויסקומען מיט זעהר וועניג פארדיענסט, צו דערהאלטען א גאנצע פאמיליע. א יוד שכורט ניט. וואס ער פארדיענט ברענגט ער א היים דעם ווייב, מען עסט וואס מען האט, אבי צו דערהאלטען די נשמה. איין ארימער יוד ארבעט איבער די כחות, שוינט זיך ניט, זוכט ניט קיין פארגניגען, געהט אבגעריסען, אבגעשליסען. דאס איז אויך אמת. אבער קוים האט די הצלחה א קליין ביסעלע געגעבען א שיין אויף א יודען — איז שוין נאך דער ענוה, נאך דער בעשיידענהייט. ער שפרינגט שוין אין דער הויך. ער בעדארף שוין גאלדענע זייגערס, מיט בריליאנטענע ריגנען, מיט פערעל, מיט טייערע אויהרינגלעך, מיט פליש־קליידער, מיט סוי־

בעל-פעלצען, מיט טייערע דירות, מיט די טייערסטע מעבעל. ער מוז וואהנען אונ קליידען זיך פירשטליך אונ מוז פיהרען א רייך הויז אונ וואהנען דוקא צווישען קריסטען אונ אויסשטעכען די אויגען די שונאים. איז נאך דא איין פאלק אויף דער גאנצער וועלט, וואס זאל אזוי פיעל געלד אויסגעבען אויף אוננייטיגע לוקסוס-זאכען ווי מיר יודען? אונ וואו איז די יודישע ענוה? וואו איז דאס בעגניגען זיך מיט וועניג?

נישט איינמאל האט מען אונז געלויבט, אז מיר האלטען פעסט די אלטע רעליגיאן אונזערע, מיר האבען אהן א שיעור דינים מיט מנהגים אונ מיר האלטען זיי אלע, מיר לאזען זיך מבזה זיין פאר זיי, מיר לאזען זיך בעדריקען, אונזערע עלטערן האבען זיך גאר געלאזט הרג'ענען פאר דער תורה. גייסטליכע פון אנדערע פעלקער הייסען זיך אראב נעמען א מוסר פון יודען. קוים אבער האט א יונגער מאן אין היינטיגע צייטען געלערנט עפיס וויסענשאפט, קוים האט ער בעזוכט איין עפענטליכע שולע, א דא מיינט ער מוז ער שוין אוועקווארפען די גאנצע רעליגיאן, ער וויל שוין נישט וויסען פונ'ם יודישקייט. איז נאך דא גרעסערע אטעאיסטען אונ אונגלייביגע? — אדער גאר אדער גארנישט.

פיעל זענען אונז מקנא, אז דאס פאמיליען-לעבען איז ביי אונז ריין, הייליג, אבגעהיט, מיר פיהרען נישט קיין הולטאיסקי לעבען. אונזערע פרויען אונ טעכטער זענען נישט אויסגעלאסען אונ מיר זענען מיט רעכט שטאלץ דעריבער. אנדערע ווידער פארשרייען אונז, אז די שענדליכע הייזער אין טערקיי, אפריקא אונ זידאמעריקא זענען אין יודישע הענט, אלע סוחרים פון מיידלעך אונ זייערע אגענטען זענען יודען, אונ מיר שעמען זיך. איז דאס נישט צוויי געגענזעצע, וואס זענען ביידע אמת?

אכצעהן הונדערט יאהר האבען יודען געקאנט לעבען אונטער דער הערשאפט פון אנדערע פעלקער, עס האט זיך זיי קיינמאל נישט געחלומ'ט צו טראכטען חלילה וועגען איין אייגען לאנד אדער נישט טריי צו זיין חס-ושלום די רעגירונג. קוים האט מען אנגעהויבען צו שמועסען וועגען גרינדען א יודיישע מדינה קומען צוגעהן אונזערע פיליזאפען אונ זאגען גאר, אז יודען קענען זיך ניט בעגניגען מיט א קליין לאנד איין אייגענס, זיי וואלטען חאטש געוואלט א וועלט-הערשאפט.

טייל יודען זענען איבערשראקען ווי א האז, אנטלויפען פאר א הונט, בעהאלטען זיך פאר א קליין ניט יודיש קינד, אונ טייל זענען אזוינע עזות פנימ'ער, אז זיי שטעלען זיך אקעגען די גרעסטע מאכט.

טייל זאגען, אז יודען לעבען נאר פאר זיך, זיי ווילען זיך ניט מישען מיט אנדערע מענשען, זיי בעהאלטען זיך אין געהעטא, זיי האבען ליב התבודדות, זיי זונדערען זיך אב פון דער וועלט אונ לעבען ווי אויף איין אנדערע וועלט. אונ טייל זאגען פארקעהרט: יודען שטופען זיך אומעטום, וואו מען דארף זיי ניט, זיי געהען נאר צווישען פרעמדע מענשען, וואס קאנען זיי ניט ליידען, מען טרעפט זיי אין אלע טעאטערם, אין אלע גערטנער, אין אלע קור-ערטער; וואו מען זייעט זיי נישט געהען זיי אויף. — ווער זאגט אמת? — ביידע האבען רעכט. יודען האבען שוין אזא פינסטערע טבע: אדער גאר אדער גאר נישט. צוויי קאנטראסטען הערשען ביי אונז. א מיטעלוועג איז נישטא.

ווען וועלען שוין יודען אמאל קליגער ווערען אונ וויסען צו לעבען מיטעלמעסיג, נישט צופיעל אונ נישט גארנישט? ווען יודען וועלען זיך אויסלערנען צו געהן אין דעם מיטעלוועג, וועלען מיר ווי-סען. אז עס איז געקומען די בעסערע צייט אונ מיר וועלען קאנען עפיס האפען, אונ אז מיר וועלען עפיס טון וועלען מיר אנלעגען אונ-זער מיה.

שמעון מנחם לאזאר.

# אונזער וועלטל.

עס האט זיך געדוכט, אז דער גערודער, וואס איז געווארען ביי אונז צוליב דעם מזרח-אפריקאנישען פראיעקט, איז שוין אין גאנצען

# פעליעטאן.

## לצנות.

פון

שלום-עליכם

I.

### מיין חסיד

איין מאל, אין א שיינעם פריה מארגען, עפענט זיך ביי מיר די טיר אונ עס קומט אריין א מענש, אויפ'ן אויסזעהן זעהר א פיינער, א לייטישער אונ איין איידעלער, א קליינשטעדטלדינער אינטעליגענט, טוט אויס דעם אויבערראק, הענגט איהם אויף אויפ'ן פלעקל, זוכט א ריין ארט אויפ'ן קאפעלוש אונ קאן נישט געפינען, מחמת ס'איז ביי מיר פארשטעהט איהר אנגעווארפען מיט פאפירען, ביכער אונ גאזעטען, אונ דעריבער דרעהט ער זיך אביסל ארום איבערן שטוב, ביז ער געפינט איין ארט אויף דעם קארניז פון דער הרובע. נאר מחמת דער קארניז איז א שמאלער קארניז, וויל דארט דער קאפעלוש ניט ליגען, שפרינגט ער אראפ ווי איין עזות-פנים אונ קוי'קעלט זיך אויף דער ערד, אונ מיין גאסט האט איין ארבייט: נאכיאגען זיך נאכ'ן עזות-פנים אונ גע-פינען פון זיינעטוועגען א בעסער ארט.

— פארדאן! זאגט ער צו מיר, האט קיין פאראיבל ניט, איך שטער אייך אפשר פון דער ארבייט? איך בין אליין פון ווייט. (ער רופט מיר אן די שטאדט פון וואנען ער איז. דאס פנים בשעת מעשה איז איהם רויט אונ סע שוויצט) אליין בין איך א סוחר, האנדעל מיט האלץ, מיט וואלד, א יוד פון וואלד, ווי אזוי הייסט דאס ביי אייך? א האק א בוים א פליוך אין וואסער, חי-חי-חי! (אונ ער פארשטעלט דאס פנים מיט ביידע הענט אונ עס פאלט אן אויף איהם א מורא'דיי-גער געלעכטער, אונ וואס מעהר ער וויל זיך איינהאלטען, אזוי מעהר לאכט ער.)

— וואס זשע איינענטליך האט איהר געוואלט זאגען אונ מיט וואס קאן איך אייך דיענען?

— גאר ניט! גאלע נאר ניט! — זאגט ער — איך בין אריינגעגאנגען צו אייך אהן א שום געשעפט, נאר גלאט אזוי זיך מיט אייך באקענען, חאטש אנקוקען אייך, ווארום איך בין אייערער א חסיד, זאלט איהר וויסען, א הייסער חסיד! אבער גאר א הייסער חסיד! נאך אז איך בין ארויסגעפאהרען פון דער היים האב איך מיר געזאגט: עס זאל מיך קאסטען מי יודע וויפיל מוז איך אייך זעהן! ווארום וואס הייסט, איך וועל זיין אין יעהופעץ אונ וועל אייך ניט זעהן? איך האב אוועק-געווארפען אלע געשעפטען אונ בין געגאנגען אהער, ס'איז עפ'ס א

שטיל געווארען. נאר פלוצלינג האט אונזער וועלטל ווידער זיך אנגעהויבען קאכען און אלץ איבער דער אפריקאנישער פראגע. וואס עס טוט זיך שטילערהייט אין יעדער שטאדט און אין יעדער אגודה בעזונדער — געהט מיך נישט אן. מיך ארט נאר, וואס טוט זיך אין אונזער פרעססע איבער אוגאנדא.

די ויכוחים איבער דער אוגאנדא־פראגע האבען איצט גאר קיין ארט נישט, ווייל דער קאנגרעס איז שוין צוגעשלאסען און די החלטה קאן מען נישט איבערמאכען מיט „מאמרים" און מיט בריף. קוים איז דער פארשלאג פון דער ענגלישער רעגירונג אנגענומען געווארען און עס איז בעשלאסען געווארען צו שיקען איין עקספעדיציע צו בעזעהן דאס לאנד, דארפען מיר איבער דעם דערווייל גאר נישט רעדען, נאר ווארטען ביז וואנען די עקספעדיציע וועט צוריקקומען און וועט ארויס זאגען איהר מיינונג וועגען אוגאנדא. וועט די עקספעדיציע זאגען, אז דאס לאנד טויג נישט פאר אונז, וועט קיינער גע־ווים זיך נישט איינקעקשנען און זאגען, אז מען דארף דעם פראיעקט אננעמען. נאר טאמער א מאל קומט די עקספעדיציע צום בעשלוס, אז דאס לאנד, איז יא גוט צו א ישוב...

אט דאס האבען זיי, די געגנערס, מורא!

טאמער א מאל איז דאס לאנד יא גוט און מען קאן דארט בע־זעצען א טייל פון די עמיגראנטען, וועלכע ווערען צו לאסט אין די ערטער וואוהין זיי קומען אן, — טאמער א מאל ווערד דורך דעם חאטש אויף א הונדערטסטייל פראצענט פארבעסערט די יודישע לאגע — דאס האבען די „ניין זאגערס" מורא!

און א טעם גיבען זיי צו דעם: ערשטענס, אז דאס איז געגען דעם באזעלער פראגראם און, צווייטענס, אז ווי באלד די יודען וועלען האבען אוגאנדא, וועלען זיי פארגעסען אן ארץ ישראל.

די צווייטע טענה איז מיין נישט ווי פלפל, וואס הייסט דאס פארגעסען אן ארץ־ישראל. א מענש וואס ליבט אין דער אמת'ן זיין לאנד, דער לאזט גאר נישט צו אזא פראגע! איין אייגען לאנד פאר־געסט מען קיינמאל נישט! אז אך און וועה איז צו די ליבע צו ארץ־ישראל, אז מען זאל דארפען מורא האבען, טאמער וועט מען אן איהר פארגעסען צוליב עפיס איין אוגאנדא! א מעהר זאל מען מיר זאגען, איך וועל פארגעסען מיינע עלטערן! איין אייגען לאנד פארגעסט מען קיינמאל נישט!

די יודישע לאגע ווערד פון טאג צו טאג ערגער. די עמיגראציע שטארקט זיך פון יאהר צו יאהר. א ליאדען טאג ווארט מען, אז עס וועט ארויס פרישע גזרות געגען עמיגראנטען און דא מאכט זיך א שטיקל רפואה פאר דער מכה, אז מען זאל קענען פארווענדען די עמיגראציע אין איין אנדער געגענד און צו מאכען א שטיקל יודי־שען ישוב, וואס איז נישט מעגליך צו מאכען אין קיין אנדער ארט און אין קיין אנדער לאנד — דאכט זיך אז מען דארף נאר זעהן צי די פרישע געגענד איז גוט און נישט אברעדען דאס פאלק נאך איידער מען ווייסט עפיס. אבער ניין! בכן מיר זענען זאט, און האבען צייט צו דיספוטירען. איי וואס דארטען איז זעהר שלעכט און דער שווערט ליגט שוין אויפ'ן האלז — דאס ארט אונז נישט. מיר זענען זאט. איהר געדענקט די מעשה? איין ארימאן איז געקומען זיך קלאגען פאר א גביר אויף זיין שווערער לאגע. דער גביר האט איהם אויסגעהערט און האט געהאט מיטלייד: טאקי א רחמנות! — טא גיט זשע מיר א נדבה — בעט זיך דער ארימאן.— ווי הייסט? אז איך וועל דיך שטיצען, וועט דאך שוין מעהר אויף דיר קיין רחמנות נישט זיין!

זיי האבען מורא, טאמער א מאל איז אוגאנדא יא גוט צו א ישוב און מען וועט מיט דעם פראיעקט קענען ראטעווען הונדערטער און טויזענטער יודישע פאמיליעס, וועט זיך שוין קיין רחמנות אויף זיי נישט זיין,

איי רחמנות, רחמנות! מיר ווייסען נישט מעהר ווי רחמנות. מיט רחמנות אבער העלפט מען נישט קיין פאלק. רחמנות

---

תירוץ? און אז איך זאל וויסען, אז דאס גאנצע נעשעפט נעהט צו גרונד וועל איך זיך דען אפשטעלען? ווארום ביי אונז אין דערהיים לייענען מיר אייך כסדר, מיר לאזען אייך ניט ארויס פונ'ם מויל, איהר זענט ביי אונז איטליכען טייער, מענט איהר מיר גלויבען, ממש איינ־געבאקען אין הארצען ווי עפיס איין איינגער. אז סע מאכט זיך, עס נעהט אוועק א שטיקל צייט און איהר זענט ניטא אויפ'ן בלאט, בענקען מיר נאך אייך, געהען ארום אהן קעפ. ווארום קיינער פארשטעהט אייך ניט אזוי ווי מיר פארשטעהען אייך, און איבערהויפט איך. איהר זאלט מיך הארכען, גלויבט מיר, ווי איך לייען אייערע מעשיות, וואלט איהר אליין נעזאגט, אז נאך אזא חסיד ווי איך האט איהר ניט גע־האט און וועט ניט האבען!

איך קוק בשעת מעשה אויף מיין חסיד און זעה ווי דאס פנים ביי איהם לויכט און די אויגען ברענען—און בין זיך מודה פאר אייך— עס קומט מיר צו א שטיק געזונט און איך לאז איהם רעדען ווייטער.

— אלץ הייסט א חסיד; א חסיד צו א חסיד איז ניט גלייך. איהר האט חסידים געגונג, וואס נאר ניט, מהכתיתי, זיי קוועלען אודאי אן פון אייך. נאר אזעלכע, וואס זאלען זיך מפקיר זיין, ממש מפקיר זיין, ווי א חסיד פאר'ן רבי'ן— האט איהר נאר איינעם, און דער איינער דאס בין איך! (ער טוט זיך אזעץ אין הארצען) איהר זאלט מיר זאגען למשל, איך זאל געהן צו ליב אייך צעהן ווערסט צופוס, איז פאר מיר ניט שווער, אבי איך זאל אייך זעהן איז נאר קיין תירוץ ניט! פון נעלד שמועסט מען ניט! איך בין ברוך השם אזא יונג, וואס נעלד שפיעלט ביי מיר די לעצטע ראלע. ווארום וואס איז נעלד? געלד איז בלאטע, ווער קוקט אויף געלד? ובפרט דארט וואו עס געהער זיך אן צו דער ליטעראטור, איז ביי מיר... (בשעת מעשה טוט ער א מאך מיט דער האנט הין און צוריק ווי א מענש וואס ווארפט מיט טויזענטער, צעהנער טויזענטער קערבלעך) ווארום איך האב קיין עין־הרע גוטע גע־שעפטען און פארדיען קיין עין־הרע אסך געלד און עס נעהט ביי מיר אוועק א סך געלד, און איך צעטייל אסך געלד, און די קינדער לעהרנען קאסט מיך אסך געלד, און קינדער האב איך אזעלכע, וואס ס'איז ניט שייך צו זאגען, נישט מחמת ס'איז מיינע קינדער...

און ער רעכענט מיר אויס די מעלות פון זיינע קינדער, ווי שען און קלוג און פיין זיי זענען, ווי גוט זיי לערנען, און פארענט־פערט זיך עטליכע מאל, אז ניט ווייל ס'איז זיינע קינדער לויבט ער זיי אזוי. „אלע וועלען דאס מיר זאגען", ווארום זיינע קינדער האבען א שם אויף דער וועלט, אזעלכע קינדער ווי ביי איהם איז נישטא ביי קיינעם, ווארום ער האט ניט געזשאלעוועט אויף זיי קיין געלד, ווארום וואס איז געלד? געלד איז ביי איהם, זאגט ער, בלאטע! ווער קוקט אויף געלד? און אלע מאל, אז עס קומט צום ווארט געלד, זעהט מען, אז דאס איז א מענש, וואס ווארפט מיט געלד! און איך וויים ניט ווי אזוי דאס האט זיך געטראפען, נאר פלוצלינג פאלט מיר איין א מחשבה אין קאפ, א גליקליכע אידעע, איינע פון די אידעען, וואס

ברענגט צו פוילקייט און צו שנארערײ. צום ראטעווען א פאלק דארף מען טון עפּיס און טון באלד ביי דער ערשטער געלעגענהייט, און נישט אבלעגען אויף איין אנדער צייט און אויף איין אנדער ארט. דאס אומגליק פון פאלק איז נישט קיין אקאדעמיע. וועלכע מען שטודירט אויס ביסלעכווייז און מען גריבעלט זיך אין איהר ווער ווייסט ווי לאנג. דאס פאלק דארף האבען באלדיגע הילף, און קוים מאכט זיך א זעלכע, טאר מען איהר נישט אוועקמאכען מיט דער האנט.

זיי קומען מיט א פראגראמע, וועלכע זאגט נאר פאר ארץ ישראל און נישט פאר קיין אנדערע ערטער. אבער זאגט אליין, ווער איז ביליגער, צי דאס פאלק, צי די פראגראמע? די פראגראמע האבען געמאכט מענשען און מענשען קאנען זי דאך איבערמאכען. די פראגראמע איז צוליב דעם פאלק געמאכט געווארען און נישט דאס פאלק צוליב דער פראגראמע.

די „ציין זאגערס" אבער זענען קנעכט פון דער פראגראמע. זיי האלטען נישט, אז די פראגראמע איז פאר דער אידעע, נאר די אידעע איז פאר דער פראגראמע. ביי זיי איז די באזעלער פראגראמע געווארען א פרישער „ספר", פון וועלכען מען טאר נישט אבטרעטען אפילו אויף איין טריט. 1800 יאהר האט מען געלעבט מיט'ן ספר, אז נאר דורך א נס וועט דאס פאלק געהאלפען ווערען און איצט קומט מען ווייטער מיט עפּיס א כתב, אין פארם פון א באזעלער פראגראמע, און מען זאגט, אז נאר דורך דעם פרישען „ספר" וועט דאס פאלק געהאלפען ווערען. די מענשען זענען די זעלביגע, נאר דער ספר איז איין אנדערער. ביז וואנען דער ספר וועט האלטען, ווייס איך נישט. אויף יעדען אופן קאנען די מענשען נישט לעבען אהן א ספר! זיי מוזען האבען עפּיס א צאצקע, מיט וואס זיך צו שפּיעלען. ביי זיי איז דאס געווארען א מין מזוזה, וואס מען קושט זי, אבער אויף דער פרייער וועלט פיהרט מען זי נישט ארויס. זיי ווילען גאר איין אידעאל, וואס זאל קיינמאל נישט אויסגעפיהרט ווערען, דען ווען ער ווערד אויסגעפיהרט, איז ער דאך שוין קיין אידעאל נישט. דער הויפּט־אנפיהרער פון די „ציין זאגערס" איז „אחד העם", וועלכער האט איצטער אבגעדרוקט איין ארטיקעל איבער דער אוגאנדא־פראגע אונטערן נאמען „די וויינערס" (הבוכים), וואס איינינע פון אונזערע צייטונגען האבען איהם אבגעדרוקט אין גאנצען, פונקט ווי מען דרוקט אב א מאניפעסט.

און „אחד העם" — ווייסט איהר דאך — איז פון אייביג אן א „ציין זאגער". זאגט אויף נאמנות, האט איהר שוין אמאל געהערט, אז „אחד העם" זאל זאגען: יא? מיר דאכט זיך, אז דער ווארט „יא" איז ביי איהם גאר אין ווערטער־בוך נישטא. איהם געפעלט נישט די קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל, נישט די קאלאניזאציע אין אוגאנדא. ער וויל מיין נישט ווי איין אידעאל. מיט אלע מיטלען וועט ער זעהן, אז דער אידעאל זאל נישט אויסגעפיהרט ווערען, כדי ער זאל בלייבען אידעאל. די מענשען האבען גאר קיין שום שייכות נישט מיט'ן לעבען. פאר זיי איז נאר די קדושה. איין אידעע איז דאס, פאר דעם וואס וויל די גאנצע צייט זיינע אבלעבען מיט טראכטען. דער וואס וויל אבער טון, טאר אויף דעם נישט קוקען און ער דארף זיך שטענדיג פארשטעלען די יודישע לאגע, וועלכע דארף האבען א באלדיגע הילף. עס איז א גרויסע עולה צו רעזיקירען מיט א גאנצען פאלק צוליב א קאפּריז פון איינעם אדער פון עטליכע מענשען.

„אחד העם" ריהמט זיך, אז ער עפענט אויף די אויגען אויף ד״ר הערצל און זיינע תלמידים. איך מוז דעריבער אויך עפענען די אויגען אויף „אחד העם" און זיין קאמפּאניע, כדי איהר זאלט וויסען צו וואס ציעלט ער זיך און וואוהין ער פיהרט...

---

איין מודעה ווארפט זיך מיר אין די אויגען שוין עטליכע וואכען, און די מודעה איז פון איינעם א. גאלדמאן אויס פינסק, וועלכען איז

קומען איין מאל אין צוואנציג יאהר. דהיינו: אזוי ווי איך האלט איצט ביי ארויסגעבען אלע מיינע ווערק, וויל איך מיך האלטען מיט איהם איין עצה, און איך דערציילט איהם פונ'ם פלאן, געוויינהנליך פריהער מיט א הקדמה, און מאך א חשבון וואס עס בעדארף קאסטען און וואס קאן מען דערפון האבען, אויב עס וועלען זיך געפינען אויף מיינע ווערק עפּיס בעלנים...

די גאנצע צייט בשעת איך האב גערעדט פונ'ם פלאן מיט'ן חשבון איז מיין פארשוין געזעסען און געקוקט אויף מיר, וואס זאג איך געקוקט? ער האט מיך געגעסען מיט די אויגען—אט אט שפּרינגט ער מיר אריין אין מויל אריין, און אז איך האב אויסגערעדט די ווערטער: „אויב עס וועלען זיך געפינען אויף מיינע ביכער עפּיס בעלנים" האט ער זיך אויפגעחאפּט ווי איין אפּגעבריהטער און איז אנגעפאלען אויף מיר מיט ביידע קוליקעס:

— בעלנים? וואס רעדט איהר? וואס רעדט איהר? מע וועט זיי פארצוקערען! פאר א מיליאן בין איך אייך ערוב! איך בין אייך ערוב פאר צוויי מיליאן!!

— טיע—טיע—טיע! — מאך איך צו איהם און בעט איהם, ער זאל זיך צוריק אנידערזעצען און בארוהיגען, און גיב איהם צו פארשטעהן פּאוואלינקע, אז ס'איז ניט אזוי די מעשה ווי ער מיינט. ער איז נישט קלאר אינ'ם ענין פון ספרים, מהיכתיתי, א געשעפט קאן עס זיין, נאר ניט פון מיליאנען, און דרעה מיך אזוי לאנג ביז איך קאטשע מיך ארויף גלייך אויף יענעם ענין, וואס מיר איז נוגע צום געשעפט, דאס הייסט, אז אויף ארויסגעבען די ווערק בעדארף מען האבען געלד, און אזוי ווי ער איז אזא ליבהאבער פון דער ליטעראטור, און דאס געשעפט איז דאך א גוט געשעפט, און געלד איז ביי איהם בלאטע, טאמער וואלט געוועזן א סברה... איהר פארשטעהט?

בשעת רעדען קוק איך מיר אויף די נעגעל, און אז איך הויב אויף די אויגען און וויל א קוק טהון אויף מיין פארשוין מיין הייסען חסיד, וואס פאר איין אנדרוק עס האבען געמאכט אויף איהם מיינע ווערטער,—והילד איננו, נישטא ער אויפ'ן בענקל! דאס הייסט אויפ'ן בענקל זיצט עפּיס א פארשוין, נאר נישט דער פארשוין וואס פריהער, איין אנדערער זיצט אויף זיין ארט, מיט איין אנדער פּנים גאר; די נאז האט זיך ביי איהם עפּיס ווי אויסגעצויגען, געווארען לענגער, און די אויגען האבען ביי איהם מיט אמאל אנגעוואהרען דעם גלאנץ, און דאס לשון איז ביי איהם געווארען נאר איין אנדער לשון, דאס קול אפילו האט זיך ביי איהם איבערגעביטען. עפּיס האט ער געשטאמעלט מיט די ליפּען, געפּלאנטעט מיט דער צונג, נישט גערעדט, נאר געבעבעט עפּיס מאדנע ווערטער, אסיען־צייט... פלאטען... דניעפּר... ספּלאוו"... ראספּלאט... ראבאטשעס... וועקסלען... סראקען"...

דאס געזעגנען זיך איז פאר אונז ביידען געווען א גיהנם; א גרוב זאל זיך עפענען וואלטען מיר דאכט מיר ביידע אריין געפאלען... ווי פון א שטארק אנגעהייצטער שוויץ־באד איז ארויסגעשפּרונגען מיין פאר־

איינגעפאלען גאר א נייער פלאן: אזוי ווי א סך מענשען פארגעסען דעם יאהרצייטטאג, על כן דרוקט ער אב א טעגליכען אבריישקאלענדאר מיט עקסטרא אבגעדרוקטע יאהרצייטען פאר א געוויסען פרייז. מיר, זעהט איהר, איז אויך איינגעפאלען איין עהנליכער פלאן. אזוי ווי די גאנצע פובליק קאן דאך נישט וויסען גענוי, ווען דער, אדער יענער שרייבער איז געבוירען געווארען, על כן וועל איך ארויסגעבען א טעג־ליכען אבריישקאלענדאר מיט עקסטרא אבגעדרוקטע געבורטסטעג פון אלע אונזערע שרייבערם, פאר א געוויסען פרייז, נאטירליך.

דען עס האט זיך ווידער אנגעהויבען ביי אונז די עפאכע פון יובילעען. וואס האט דען א יודישער שרייבער מעהר, ווען נישט דאס יובילעאום? אונ דאס יובילעאום מישטיינס געזאגט איז דאך אהן א מאיאנטעק אדער אזוי מתנות. ווי ביי זיי איז דער שטיינער, נאר גלאט אזוי א צוזאמענקומען פון עטליכע צעהנדליג מענשען פון דעם יובילארס ידידים... דאס איז נאך גוט, אז מען מאכט נישט קיין עגמת־נפש דעם יובילאר, איז נאך צו פארליידען. ווי איז אבער, אז מען רעדט גראדע אזוינע זאכען, וואס דעם יובילאר איז עס נישט אנגענעהם? זאגט מיר, ווי ווייזט דאס אוים?

דא נישט לאנג איז ביי אונז געווען ליליענבלום'ס יובילעאום לכבוד זיין זעכציגיעהריגען געבורטסטאג. ביז'ן אנהויב פון די אכציגער יאהרען האט ליליענבלום געבלאנדזשעט אונ האט נישט געהאט קיין בעשטימטען וועג פאר זיך, סיי אין ליטעראטור אונ סיי אין לעבען. אונ דאן, אז עס זענען געקומען יענע פאגראמען, האט ער חרטה גע־האט אויף זיינע פריהערדיגע געדאנקען אונ האט גענומען תשובה טון. בעת איך בי'ן א יונגל געוועזן פלעג איך הערען רעדען, אז ליליענ-בלום קויפט אויף זיין „חטאות נעורים" אונ פארברענט עס, ווארום עס פארדריסט איהם, ווי קומט ער אזוינס צו שרייבען. ווי ווייט דאס איז אמת — ווייס איך נישט. נאר דאס ווייסען מיר אלע, אז ליליענבלום האט חרטה געהאט פון „חטאות נעורים", דען ער האט דאך דערנאך געשריבען א „דרך תשובה" אונ דער וואס טוט תשובה אויף דער עלטער, דער האט חרטה אויף זיינע מעשים פון דער יוגענד. ביי אזא אופן קומט אוים, אז ליליענבלום שעמט זיך, וואס ער האט אמאל גע-שריבען זיין „חטאות נעורים" אונ דער שכל איז מחייב, אז מען האט איצטער נישט געדארפט דערמאהנען דעם „חטאות נעורים" אין גאנצען, ווי באלד דעם יובילאר איז עס נישט אנגענעהם. אנדערע הערען אבער האבען אזוי נישט גערעכענט אונ האבען דוקא דער־מאהנט ליליענבלום'ען זיין אמאליגען בוך אונ טאקי בעת זיי זענען געקומען דערציילען, וואס ליליענבלום האט אזוינס אויפגעטאן. איהר, ליליענבלום, קאנט זיך נישט וועלען, מיר אבער ווילען יא אונ טוט זיך עפים! עס איז ארויסגעקומען, אז דער יובילאר מיט די וואס האבען איהם געעהרט האבען זיך איינער דעם אנדערן נישט פארשטאנען. דער יובילאר האט געטראכט, זיי מוזען מיינען דעם איצטיגען ליליענבלום אונ זיי האבען גערעכענט, אז זיי האבען פאר זיך דעם אלטען ליליענבלום. אזוי טרעפט, אז מענשען פארשטעהען נישט איינער דעם צווייטען.

---

אלץ מוז זיך ענדיגען מיט'ן טויט. אויסער די לעבעדיגע יובי־לייען איז אויך געווען א טויטער יובילייאום פון אד"ם הכהן לעבענזאהן, וואס איז געווארען 25 יאהר זייט ער איז געשטארבען. ה' א. א. פ. דערציילט אונז אין „הצופה", וואס ער האט געהערט פון קלמן שולמאן איבער דעם יובילאר. איינמאל,—ברענגט ה. א. א. פ. אין נאמען פון קלמן שולמאן,—איינמאל האבען מיר געשפאצירט צוזאמען מיט אד"מ'ן אונ מיט זיין זוהן מיכל. דער געשפרעך איז געגאנגען איבער „השארת הנפש". שולמאן האט געגלויבט, אז די נשמה שטארבט נישט מיט'ן גוף, נאר לעבט איביג, אונ דער אלטער לעבענזאהן האט געלייקענט אין דעם. דער יונגער לעבענזאהן האט נישט ארויסגעזאגט זיין מיינונג. צום סוף האבען זיי געגעבען תקיעת כף איינער דעם אנ־

---

שוין, מיין הייסער חסיד, אונ א גאנצער בארג איז פון מיר אראפ, אז איך האב דערהערט, אז ער לויפט פון די טרעפ אראפ פון יענער זייט טיר.

---

II.

# אפאריזמען.

געדאנקען, משלים, מוסר אונ גלאט קלוגע רייד פון גרויסע לייט פון אמאל אונ אויך פון היינטיגע צייטען.

פריי בעארבייט, צוגעזעצט אונ איבער געאנדערשט

פון

## שלום עליכם

---

.20

„ווער איז א העלד? — דער וואס האט פונ'ם שונא געמאכט א גוטען פריינד". (אזוי זאגען די חז"ל). אונ איך זאג: ווער איז א העלד? — דער וואס האט דעם שונא באגראבען ניין איילען אין דער ערד.

.21

„א מענש מאכט זיך גרויס זיין גליק פונקט אויף אזוי פיעל ווי ער פארגרעסערט דאס יענעם". (אזוי זאגט בענטאם). אונ איך זאג: א מענש מאכט זיך גרויס זיין פארמעגען פונקט אויף אזוי פיעל ווי ער פארקלענערט דאס ביי יענעם.

.22

„מענשען זענען זיך טועה נישט דערפאר וואס זיי ווייסען נית, נאר דערפאר וואס זיי מיינען אז זיי ווייסען". (אזוי זאגט רוססא). אונ איך זאג: מענשען זענען זיך טועה נית דערפאר וואס זיי ווייסען נית אונ נית דערפאר וואס זיי מיינען אז זיי ווייסען, נאר דערפאר וואס זיי מיינען אז יענע ווייסען נית.

.23

„דעם עהרליכען טרעפט אויך אמאל „אז עס געהט איהם נית. (אזוי זאגט שעקספיר). אונ איך זאג: דעם עהרליכען טרעפט אויך אמאל, אז עס געהט איהם.

.24

„די וועלט איז א שטוב, וואס באשטעהט אסך מעהר פון טרעפ ווי פון חדרים". (אזוי זאגט בערנע). אונ איך זאג: אפנים דערפאר וואלגערען זיך אסך מעהר אויף די טרעפ ווי די וואס זיצען אין שטוב.

.25

„דער טויט איז דער ערגסטער קרעדיטאר." (אזוי זאגט בייראן). אונ איך זאג: קרעדיטארען—דאס איז דער ערגסטער טוידט.

דערען, אז ווער עס וועט פריהער שטארבען פון זיי, מוז זיך בעווייזען פאר די איבריגע צוויי ביי איינעם פון די בוימער אין וואלד, אויף וועלכען זיי האבען געמאכט א צייכען.

עס איז אריבער א צייט און מיכל לעבענזאהן איז געשטארבען. איינמאל געהט שולמאן מיט לעבענזאהנ'ען אין וואלד. איז לעבענזאהן פלוצלינג אנידערגעפאלען און געחלש'ט: ער האט דערזעהן זיין זוהן מיכל אויף דעם בוים, וועלכען זיי האבען דאן אנגעצייכענט.

צי די מעשה איז אמת, אדער ניין, אין דעם געה איך נישט אריין. א שיינע מעשה איז דאס. מיר קעהרען זיך אום צו די מעשות פון די חסיד'ישע ספרים. וואס פאר איין איינדרוק דאס קאן מאכען אויף א געוויסע סארט לעזערס, קאנט איהר זיך פארשטעלען.

בעל עצה.

---

# פאליטישע ענינים.

(דייטשלאנד אין אפריקא. ווי קולטווירט מען די שווארצע. דעם סולטאנס שיטה. דער איטאליענישער פינאנץ-מיניסטער).

זייט איינינע צעהנדליג יאהר האט זיך אייראפא גענומען די ארבייט, אויסצובילדען די ווילדע פעלקער אין אפריקא און אנב אויסגראבען דאס גאלד, וואס געפינט זיך דארט. צו דעם ערשטען צוועק שיקט מען פראפעסארען און מיסיאנערען, צום צווייטען — סאלדאטען מיט הארמאטען. די ערשטע, וואס האט זיך צו דער ניצליכער ארבייט גענומען איז געוועזען ענגלאנד, נאר נישט אלע מאל איז איהר די ארבייט געראטען. די ווילדע זענען גרויסע עקשנים און ווילען זייער אלטען, נארישען גלויבען, זייערע נארישע מנהגים נישט אוועקווארפען, און נישט איינמאל האט זיך געטראפען. אז די ווילדע אפריקאנער האבען אויסגעשחטען צעהנדליגער מיסיאנערען, וואס האבען געוואלט אריינברענגען ליכט און בילדונג ביי זיי. בעסער אבער איז עס געגאנגען מיט דעם גאלד גראבען, די אפריקאנישע ערד איז נישט אזא עקשנ'טע, ווי איהרע בעוואהנער און ווער עס שטעקט אין איהר אריין דעם רודעל, דעם גיט זי ארויס איהר גאלד. לאזען די ווילדע נישט גראבען דאס גאלד, קומען די סאלדאטען מיט הארמאטען און פארטרייבען זיי, און פאר זיי האבען די ווילדע מעהר בושה ווי פאר די מיסיאנערען. ענגלאנד איז, א דאנק איהרע קאלאניעס אין אפריקא, די רייכסטע רעגירונג אין דער וועלט, און דעריבער האבען זיך די אנדערע רעגירונגען מתקנא געוועזען אין איהר און האבען אויך גענומען קאלאניזירען אפריקא. זיי געהט שוין נישט אזוי גוט ווי ענגלאנד, נאר צום ערגסטען געהט עס מיט די קאלאניעס די דייטשע רעגירונג, די קאלאניעס אין אפריקא קאסטען איהר אב יעדעס יאהר כמה מיליאן, אויף יעדען קאלאניסט, וואס זי בעזעצט דארטען, גיט זי אויס הונדערט טויזענט טאלער, א בריף וואס געהט פון דייטשלאנד צו איהרע קאלאניעס קאסטען איהר אב כמה אלפים און קיין שום נוצען האט זי נאך דערווייל נישט פון איהרע קאלאניעס. אין פרייסישען לאנדטאג בעקלאגען זיך די דעפוטירטע זעהר אויף דער רעגירונג, וואס זי בעגראבט אזוי פיעל מיליאנען בחנם, און א חוץ דעם קאסט עס אויך אסך מענשען-בלוט. די ווילדע בעפאלען זעהר אפט די קאלאניסטען און הרג'ענען זיי אויס, נישט לאנג זענען זיי בעפאלען דאס דייטשע פאליציי-הויז און האבען ערמארדעט א בעאמטען. די פאליציי האט זיי נאטירליך נישט געשוויגען און האט פאר דעם איינעם בעאמטען אסך ווילדע דערהרג'עט, אבער אין לאנדטאג איז מען דערמיט נישט צופרידען. די שיטה, אז נאר מיט שווערד און פייער קאן מען בילדען און קאלאניזירען אפריקא, איז ביי זיי שוין צו אלט, זיי זאגען, אז דאס בלוט פון די שווארצע איז אויך קיין וואסער נישט און מען דארף עס אויך נישט ביי יעדער קלענסטע געלעגענהייט פארגיסען.

געגען פארגיסען בלוט איז אויך די רוסישע רעגירונג און האט דעריבער ביז גישט לאנג געווארענט טערקיי, זי זאל איינשטילען די רוהע אין מאקעדאניע און בולגאריע, זי זאל די בונטאוושציקעם נישט אונטערשטיצען; איצט אבער, אז דער סולטאן קומט נאר אב מיט צוזאגען און דערווייל ווערד אסך בלוט פארגאסען, האט די רוסישע רעגירונג זיך אנגעהויבען אינטערעסירען פאר די מאקעדאנישע פארוואונדעטע און האט ערלויבט די געזעלשאפט פון „דעם רויטען קרייץ", צו קלויבען נדבות פאר זיי און פאר זייערע אלמנות און יתומים, און פאר די אונטערדריקטע און געיאגטע מאקעדאניער. דערפון זעהט מען ארויס, אז רוסלאנד שטעהט היינט מעהר פאר די מאקעדאניער ווי פאר טערקיי און אין איין האנט מיט רוסלאנד געהט אויך עסטרייך.

און בולגאריע פארשטעהט וואו דער ווינד בלאזט און דעריבער האט מען נישט לאנג געמאכט אין סאפיא, די הויפטשטאדט פון בולגאריע, גרויסע פאראד דעם אנפיהרער פון די מאקעדאניער סאראפאוו און מען רעדט, אז פירשט פערדינאנד וועט איהם שענקען איין עהרען-שווערד.

און דער סולטאן האלט זיך ביי זיין שיטה, ער זאגט צו און איז נישט מקיים, דער סולטאן ווייסט, אז סוף כל סוף וועט מען מאקעדאניע פון איהם אוועקנעמען און מען וועט עס פאראייניגען מיט

---

.26

„די וועלט — דאס איז א מחשבה פון גאט". (אזוי זאגט שילער.) און איך זאג: די וועלט איז א מחשבה פון גאט, נאר א שלעכטע מחשבה.

.27

„א מצוה קוקט זיך ניט ארום, מע זאל ניט מיינען, אז זי זוכט כבוד" (אזוי זאגט נעטע.) און איך זאג: איין עבירה קוקט זיך ניט ארום — מע זאל זי ניט פאקען.

.28

„מיר באנוצען די האק אויף צו מאכען א שטעקעל צו דער האק". (אזוי זאגט לעוו טאלסטאי.) און איך זאג: מיר באנוצען די האק אויף צו האקען קעפ.

.29

„די ליבע ביי היינטיגע קינדער ליגט ניט אין הארצען, ניט אין די אויגען". (אזוי זאגט שעקספיר.) און איך זאג: די ליבע ביי היינטיגע קינדער ליגט ניט אין הארצען, נאר אין קעשענע.

ענדע קומט.



בולגאריע, אזוי ווי מען האט געטאן מיט איהם אין יאהר 1878, וואס מען האט פון איהם צוגענומען בולגאריע, אונ עס וועט איהם קיין שום רעפארמען נישט העלפען, אז מאקעדאניע זאל בלייבען ביי איהם, ער וויל נאר די זאך פארלענגערען, זאל געדויערען נאך האלב יאהר, נאך אפאר חדשים. ער האט נישט וואס צו פארזוימען.

דאס נייע מיניסטעריום, וואס איז געווארען אין איטאליע, אין וועלכע זשאליטי איז דער מיניסטער־פרעזידענט, האט אנגעוואה־רען פינאנץ מיניסטער ראזאנא, וועלכער האט זיך געשאסען.

דער פינאנץ־מיניסטער ראזאנא האט זיך גענומען דאס לעבען, ווייל ער האט שוין — ווי ער זאגט אין זיין בריף, וואס ער האט אי־בערגעלאזט — מעהר נישט געקאנט אריבערטראגען די פאלשע בלבולים, וואס מען האט אויף איהם געמאכט, אז ער האט זיך געלאזט אונטערקויפען פאר געלד, בפרט אז זיין איינענער זוהן האט די דאזיגע בעשולדיגונג בעשטעטיגט. נאר צי איז טאקי אלץ וואס מען האט אויף איהם געזאגט נישט מעהר ווי א בלבול איז שווער צו גלויבען. פון איינגע סקאנדאלען, אין וועלכע ראזאנא איז געווען פארמישט, ווייזט אוים, אז ער איז נישט געוועזען קיין זעהר גרויסער נקי־כפים. ווער עס איז באמת אומשולדיג, זוכט די שולד פון זיך אראבצונעמען דורך דאס געריכט. וואס פעהלט אין איטאליע נישט אונ נעמט זיך נישט באלד דאס לעבען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— ד״ר פ. מאדלינסקי. האט געעפענט אין מאסקווא איין אינסטיטוט, אויסצוקוריען הארבאטע.

— ד״ר שאנטעמעס פון פאסטערס אינסטיטוט אין פאריז האט גע־פונען איין איינשפריצונג געגען טיפוס־פיעבער.

— די אקספארדער אוניווערזיטעט האט בעשלאסען, צו געבען דעם איטאליענישען קעניג דעם עהרען־דיפלאם אלס דאקטאר־יוריסט.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** ווי דער „דאנ. אב. וויעד״ שרייבט האט די דאר־טינע גייסטליכע־פערוואלטונג ארויסגעגעבען א בעפעהל צו די גייסטליכע זיי זאלען ערקלערען דעם פאלק, אז די קריסטען דארפען זיך אויס־צייכנען מיט זייער ליבע צו אלע מענשען אהן א שום חלוק צו וועלכע אמונה מען געהער, די יודען זענען גלייך מיט אלע אנדערע שבטים אונ פעלקער אונטערטאנען פון דער רוסישער רעגירונג. די שנאה, וועלכע מען פארשפרייט געגען די יודען אדער אנדערע פעלקער, טוט שאדען דעם שלום אין דער געזעלשאפט, שטערט דעם האנדעל אונ ברענגט קיין שום נוצען.

— די אדעסער אבטיילונג „מפיצי השכלה״ האט אויפגענומען דעם בעוואוסטען רוסישען שריפטשטעלער וולאדימיר קאראלענקא צום עהרען־מיטגליד אין איהר חברה.

— אין „גראדא. עפארה. וויעד״. האט א קריסטליכער גייסטליכער אבגעדרוקט א בריף צום פראסטען עולם, אין וועלכען ער מוסר׳ט שטארק די וואס טוען יודען אומרעכט אונ בעמיהט זיך צו פערענטווערן די יודען אונ זיי צו ריינינגען פון די בלבולים, וואס מען טראכט אויף זיי אוים.

— דעם 17 נאיאבער איז אין פעטערסבורג געקומען א יודישע דע־פוטאציע פון די ווארשעווער געמיינדע־פארשטעהער, זיך פארצושטע־לען פאר דעם מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג. די דעפוטאציע האט דעם מיניסטער דערלאנגט א בקשה, ער זאל ערלויבען צו צו נעמען אין דעם ווארשעווער אוניווערזיטעט 21 יודישע שילער מעהר אלס די בע־שטימטע צאהל.

— דאנערשטאג כ״ב חשון האט מען אין ווילנא געמאכט הזכרת נשמות דעם בעוואוסטען יודישען משורר אברהם בער הכהן לעבענזאהן, וועלכער איז בעקאנט מיט דעם נאמען אד״ם הכהן, אדער ווי אנ־דערע האבען איהם גערופען, מיט א לשון של חבה, בערקע מיכאלישקער, אין דער רעפארמירטע שוהל „טהרת הקודש״, פון וועלכער דער משורר איז געוועזען פון די ערשטע מיסדים. א גרויסע צאהל פון דער ווילנער יודישער אינטעליגענץ אונ משכילים זענען גע־קומען הערען די הזכרה. דער חזן ה׳ בערנשטיין האט געדאוונט מעריב אונ די תפלות „אנוש כחציר ימיו״ אונ „שויתי ד׳ לנגדי תמיד״ אונ דער ארגעל האט איהם בעגלייט. נאך מעריב האט דער געלעהרנ־טער יהושע שטיינבערג, איין איידעם פון דעם פארשטארבע־נעם, געהאלטען א רעדע אין דער רוסישער שפראך, אין וועלכע ער האט געשילדערט די מעלות פון דעם משורר. נאך איהם האט ד״ר קאנטאר אוים ליבוי געהאלטען א רעדע אויך אויף רוסיש אונ דער־נאך האט דער חזן געמאכט דעם פארשטארבענעם אל מלא רחמים. צעהן דעם זיינער האבען זיך צונויפגעקליבען די משכילים פון ווילנא אין א האטעל לכבוד דעם פארשטארבענעם אונ לכבוד דעם ד״ר קאנטאר, וואס איז געקומען פון ליבוי צוליב דער הזכרה. צוערשט האט גע־רעדט אויף העברייאיש ה׳ טריוואש, נאך איהם ד״ר קאנטאר רוסיש. זיין רעדע איז דעם עולם שטארק געפעלען. דערנאך האט גערעדט ה׳ ש. דובנאוו. עס איז בעשלאסען געווארען, מען זאל אויסקלויבען די בעסטע שירים פון דעם פארשטארבענעם משורר אונ עס ארוים־געבען אין א בעזונדער ביכעל. אלס מבינים האט מען אויסגעקליבען: דובנאוו, שטיינבערג, מאהקאן אונ פיראזשניקאוו.

— פאר די אספה פון די רבנים אין גראדנא וועט פארגעלעגט ווערען צו בעשליסען, ווי א טייל צייטונגען שרייבען, אז דער ציוניזם פיהרט צום סאציאליזם. מיר ווילען אבער נישט גלויבען, אז אונזערע רבנים זענען שוין אזוי ווייט געזונקען, אז זיי שעמען זיך אפילו נישט מיט קיין פשוט׳ע מסירות.

— אין דער אבטיילונג פון דער חברה „מפיצי השכלה״ אין אדעסא איז אויסגעקליבען געווארען אלס מיטגליד אין קאמיטעט דער בעוואוסטער העברייאישער שריפטשטעלער אחד־העם (אשר גינצבורג) מיט 227 שטימען געגען 172.

— נישט לאנג זענען אין מאסקווא אנגעקומען איינגע שילער פון דער האנדעלס־שולע אין ליבוי, צו מאכען א וויסענשאפטליכען שפאציער דערונטער אויך איינגע יודען. די מאסקווער פאליציי האט אבער די יודישע שילער באלד ארויסגעשיקט.

— ה׳ יוסי ביאלאסטאצקי, א יוד, איז געווארען דער ארגענ־טינישער קאנזול אין ווארשא.

— די יודישע אויסוואנדערונג נאך אמעריקא אונ אפריקא האט זיך די לעצטע צייט זעהר פארמעהרט, נישט לאנג זענען איבער ליבוי פאררייזט 170 יודען.

— אין יאהר 1902 האבען אין מאסקווער אוניווערזיטעט געלערנט 3743 שילער, צווישען זיי 135 יודען אונ 15 קאראימען (קראים).

— ה׳ ב. היילפערין אוים קיעוו האט געשאנקען 50,000 רובל צו בויען א סאנאטאריום פאר שווינדזוכט־קראנקע.

**דייטשלאנד.** צום פרייסישען „לאנדטאג״ זענען אויסגעקליבען געווארען זעקס יודען, דריי אין בערלין אונ דריי אין פראווינץ פויזען.

— מיט דער עקספעדיציע, וואס וועט געהן קיין מזרח־אפריקא

וועט מיט געהן דער בעוואוסטער אפריקא־רייזענדער ה' טאאפען אויס בערלין; לויט זיין מיינונג איז דאס לאנד גוט צו קאלאניזירען.

**ענגלאנד.** צו די וואהלען פון שטאדט־יועצים אין לאנדאן זענען אויסגעקליבען געווארען 32 יודען.

דער בישאף סאליסבורי האט ביי א מיסיאנערישער אספה. פערלאנגט מען זאל די תפלות אין די געבעטע הייזער איבערזעצען אויף העברייאיש.

**ארץ־ישראל.** די „קאראנטען", וואס מען האט אויף „בית לחם" ארויפגעלעגט וועגען די חלערע, וואס האט זיך דארט בעוויזען, האט מען שוין אראבגענומען.

---

## דער משפט אין קישינוב.

דאנערשטאג דעם 6/19 נאיאבער האט זיך אין קישינוב אנגעהויבען דער משפט פון די פאגראמשציקעס. 37 מענשען זענען בעשולדיגט אין רציחה. אלס עדות האט מען גערופען 545 מענשען. 17 אדוואקאטען שטעהען פאר די, וועלכע האבען געליטען פון פאגראם, צווישען די דאזיגע אדוואקאטען געפינען זיך די בעריהמטע אדוואקאטען אין רוסלאנד ה' קאראבאטשעווסקי, ה' גרוזענבערג און ה' ל. קופערניק. פאר די פארשולדיגטע שטעהען 8 אדוואקאטען, צווישען זיי דער בעוואוסטער אנטיסעמיט שמאקאוו. צווישען די עדות געפינען זיך אויך א סך יודען. די ערשטע זיצונג פון משפט האט זיך אנגעהויבען 10 דעם זייגער אין דער פריה און האט געדויערט ביז 6 דעם זייגער אין אווענד. דער גאנצער טאג איז אוועקגעגאנגען אויף נאכזעהען די רשימה פון די עדות. פרייטאג דעם 7 נאיאבער אין דער פריה 10 דעם זייגער האט מען די יודישע עדות געגעבען א שבועה. דער משפט ווערד פארהאנדעלט ביי פארשלאסענע טירען. די בקשה פון די אדוואקאטען ה' קאראבאטשעווסקי, שמאקאוו און נאך אנדערע, אז מען זאל פארהאנדלען ביי אפענע טירען איז נישט אנגענומען געווארען. ערלויבניש צו זיין ביים משפט האבען בעקומען 42 מענשען, צווישען זיי אויך דער קארעספאנדענט פון „הצפירה" ה' ב. פאטין.

דער אדוואקאט ה' שמאקאוו, וואס שטעהט פאר די בעשולדיגטע, האט פארלאנגט, אז מען זאל די יודישע עדות בעשווערען אין שוהל אנגעטאן אין טלית און תפילין און שווארצע ליכט זאל ברענען ארום זיי. דער אדוואקאט קאראבאטשעווסקי, וואס שטעהט פאר די יודען, האט מסכים געווען דערצו און האט געזאגט בדרך הלצה, אז כדי צו בערוהיגען דעם ה' שמאקאוו, וואס שרעקט זיך, אז א לייכטע שבועה וועלען די יודען עובר זיין, שאדט נישט מען זאל די יודען בעשווערען לויט שמאקאווס וואונש. אבער דער פראקוראר איז געווען דאגעגען פון ה' שמאקאווס פארשלאג און מען האט די יודען געגעבען א שבועה אין געריכטס־הויז. דער קישינובער ראבינער ה' קאטלאווקער האט פאר די שבועה די יודישע עדות געזאגט א פאר ווערטער, וועלכע זענען שטארק געפעלען געווארען דעם פרעדסידאטעל און האט דעם ראבינער דערפאר געדאנקט.

---

## וועגען די רבנים אספה.

— פיעל רבנים ווילען נישט נעמען קיין אנטייל אין דער רבנים־אספה, וואס וועט זיין אין גראדנא, נאר די גרינדער פון דער אספה בעמיהען זיך מיט אלע מעגליכקייט זיי צו צוציהען צו דער אספה און צו דעם צוועק האבען זיי געשיקט בריף צו פיעל רבנים, וואס זענען גערופען געווארען און ווילען נישט קומען, אין וועלכען זיי זענען זיי מתרה, אז אויב זיי וועלען נישט קומען צו דער אספה, וועט מען זיי חושד זיין, אז זיי זענען איין האנט מיט די, וואס מישען זיך אין פרעמדע אינטערעסען.

— מען שרייבט, אז די ארבייטער אין גראדנא האבען זיך צוזאמענגערעדט מיט די ארבייטער פון אנדערע שטעדט און האבען בעשלאסען צו שטערען די אספה ווי ווייט מען וועט קענען, דאס ווייסט אויך איינער פון די הויפט אנפיהרער ר' וועלוועלע, און ער האט געזאגט צו זיינעם א פארטרויטען פריינד, אז ער האט דערפאר קיין מורא נישט, דען פאר זיין טיר, פאר דאס הויז וואו די אספה וועט זיין און פאר דעם האטעל, וואו דער פאלטאווער וועט האלטען קוואטיר, וועלען שטעהן קאזאקען און היטען.

— וועגען די צייט און דעם ארט, וואו די אספה וועט זיין האט ר' וועלוועלע צוגעזאגט צו דרוקען נישט אין די „צייטונגען פון די יונגאטשעס", נאר איז „נאוואסטי" און אנדערע רוסישע צייטונגען.

---

## ציון און מזרח־אפריקא.

אין די „וועלט" נומער 46 איז געדרוקט איין ארטיקעל מיט דעם נאמען „וועג און ציעל", פון וועלכען מיר געבען דא בקצור דעם תמצית.

זייט דעם לעצטען באזעלער קאנגרעס איז אין ציוניסטישען לאגער זעהר אונרוהיג. דאס האט מען צו פערדאנקען דעם פארשלאג פון דער ענגלישער רעגירונג, וואס וויל די יודען געבען א שטיק לאנד אין מזרח-אפריקא מיט געוויסע אויטאנאמישע רעכטע. דער דאזיגער פארשלאג, וועלכער איז א ביסל צו שפעט אנגעקומען צו די אנפיהרער פונ'ם ציוניזם, האט די דעלעגירטע אזוי איבערראשט, אז זיי האבען זיך נישט געוואוסט ווי צו האלטען און דעריבער איז אויף דעם קאנגרעס אזוינע ריהרענדע סצענעס פארגעקומען.

פון יענער צייט זענען שוין אוועק איינינע חדשים, עס וואלט שוין צייט געווען זיך צו בערוהיגען און קוקען אויף דעם פראיעקט מיט א קלערערען אויג. מיר ווילען דא דערקלערען דעם איינדרוק, וואס דער דאזיגער פארשלאג האט געמאכט אויף די ציוניסטען און די געגנערס.

דער קאנגרעס האט מיט א גרויסען רוב דעות בעשלאסען, מען זאל שיקען איין עקספעדיציע אויסצוזעהן דאס לאנד, וואס ענגלאנד וויל די ציוניסטען געבען, די ווענינערע דעות האבען דערצו נישט איינגעשטימט, אבער דאס זענען אלע דעלעגירטע מסכים, אז דער פארשלאג פון דער ענגלישער רעגירונג איז זעהר וויכטיג און ווי דער קומענדיגער קאנגרעס זאל נישט וועגען דער פראגע בעשליסען וועט דאס אונז ברענגען גרויסע נוצען. מיט דעם אננעמען דעם פראיעקט צו שיקען איין עקספעדיציע האט דער קאנגרעס נישט נאר בעוויזען זיין דאנקבארקייט צו דער ענגלישער רעגירונג, נאר אויך זיין צוטרויען צו די פיהרער פון אונזער בעוועגונג.

עס האבען דעריבער געקאנט מסכים זיין צו דעם פראיעקט, צו שיקען איין עקספעדיציע אפילו די, וואס זענען געגען דעם מזרח־

אפריקא-פּראיעקט. דער בעשלוס, אז מען זאל קיין שום ציוניסטישע געלד נישט אויסגעבען אויף די עקספּעדיציאן האט בעוויזען, אז דער זעקסטער קאנגרעס האט נישט בדעה צו טאן קיין שום ערנסטע זאך וועגען מזרח-אפריקא, ביז די ציוניסטישע פעראיינען און ארגאניזאציעס וועלען זיך נישט מישב זיין און זאגען זייערע מיינונגען.

די וכוחים וועגען דעם מזרח־אפריקא־פּראיעקט האט זיך באלד אנגעהויבען אין די ציוניסטישע פעראיינען און צייטונגען זעהר שטארק. די לעבעדיגקייט, מיט וועלכע די דאזיגע פראגע איז פערהאנדעלט געווארען, בעווייזט, ווי גרוים עס איז די ליבע צום פאלק צווישען די ציוניסטישע ארגאניזאציעס.

עס פארשטעהט זיך, אז ביי אזוינע וכוחים, וואו די וכוח-לייט זענען געווען שטארק אויפגערעגט, האט זיך געטראפען, אז מען האט אביסל איבערגעחאפּט די מאס. נאר כל זמן דאס זענען געוועזען איינצעלנע פאקטען, כל זמן דאס האבען געטאן אזוינע מענשען, וואס קוקען נישט אויף די אחריות פון זייערע רעד, האט מען וועגען זיי נישט פיעל גערעדט, מען האט זיי נאר מבטל געוועזען און גענוג. איצט אבער, אז מען פּריוואט זיך אין אונזער ארגאניזאציאן מיט א כיון צו מאכען א פּרוד לבבות, דאס מוז מען באלד אין אנהויב פארווערען און נישט דערלאזען. איך רעד נישט פון די וואס שטעהען מהוץ למחנה, וועלכע האבען געמיינט, אז דא איז פאר זיי א גוטע געלעגענהייט זיך צו ווייזען פאר אמת'דיגע חובבי ציון, אזוינע לייט, וואס ווארטען שטענדיג אויף יענעמס מפּלה, און דא, ביי דעם מזרח־אפריקא-פּראיעקט האבען זיי געמיינט, אז זיי האבען זיך עפּיס דערווארט; מיר האבען זיך דעריבער גאר נישט געוואונדערט. אז עס האבען זיך פאראייניגט מענשען, וואס זייערע מיינונגען זענען ווייט איינער פון צווייטען, מציל צו זיין די ארבייט אין פאלעסטינא וואס זיי מיינען, אז מען האט שוין גאר אין גאנצען זיך דערפון אבגעזאגט, און אז זיי ווילען מאכען נייע חברות. וואס זאלען זארגען פאר די ארבייט אין פאלעסטינא; דאס אלץ האט מיך נישט געוואונדערט, און עס איז נישט כדאי וועגען דעם ערנסט צו רעדען.

ערנסטער אבער דארפען מיר בעטראכטען די געגנערס, וואס געפינען זיך צווישען אונזערע ארגאניזאציע. זיי פארדיענען, מען זאל זיך אויף זיי שטארק אנבייזערען.

אונזערע געגנערס זענען נאך דעם קאנגרעס געווארען מלא שמחה, אט, האבען זיי געמיינט, צעשפּאלט זיך דער ציוניזם; אבער דאס איז געוועזען איין אומזיסטע שמחה. מיר וועלען די וכוחים וועגען דעם פּראיעקט ווייטער האלטען, אבער קיין מינוט וועלען מיר נישט פארגעסען, אז מיר ריזיקירען דא די ארבייט פון צעהנדליגער יאהרען.

מיר ווילען דעריבער נאך אמאל דערמאנען: פיעל פארשטעהען נאך נישט ריכטיג דעם וועג, אויף וועלכען מיר האבען צו געהן בנוגע צו דעם פארשלאג פון דער ענגלישער רעגירונג. אונזער הויפּט־ציעל אבער איז קלאר און דייטליך: צו שאפען איין עפענטליך רעכטליכע היים אין פאלעסטינא. צו דעם דאזיגען ציעל קאנען מיר נאר דערלאנגען, אז מיר וועלען האבען א גרויסע און שטארקע ארגאניזאציע, און ווי די מזרח־אפריקאנישע־פראגע זאל זיך נישט ענדיגען — דען מען ווייסט דאך נאך איבערהויפּט נישט, וואס די עקספּעדיציע וועט זאגען — וועלען מיר אלע אונזערע כחות אנווענדען, אונזערע ארגאניזאציע צו פארשטארקען.

עס איז זעהר נאריש אונטערצוגראבען אונזערע ארגאניזאציע און זאגען, אז דאס טוט מען נאר לטובה פון דער זאך. יא עס קאן זיין לטובה פון א זאך, אבער לטובה דעם ציוניזם אודאי נישט. און דעריבער איז יעדער פּריוו - צו שפּאלטען אונזערע ארגאניזאציע א זינד געגען אונזער בעוועגונג, א זינד געגען א גרויסע צאהל מענשען, וועלכע אונזער בעוועגונג קאן ראטעווען פון אומגליק און געבען א זיכערע עקסיסטענץ, פרייהייט און קולטור.

---

## די יודישע בריגאדע.

די יודישע בריגאדע פון יונגע בחורים איז געגרינדעט געווארען אין לאנדאן אין יאהר 1895. דער צוועק פון דער דאזיגער בריגאדע איז צו קרעפטיגען די קערפערליכע כחות ביי די יודישע יוגענד און איינצופיהרען ביי זיי דיסציפּלינע. אין יאהר 1897 זענען שוין געוועזען 19 יונגע בחורים, וואס האבען איין אנטייל גענומען אין דעם מושטיר און פון דענסטמאל אן ווערד זייער צאהל אלץ מעהרער, אזוי אז איצט איז שוין צו ענג פאר זיי די גרויסע קווינס האלע אין לאנדאן. ביי דעם דריטען עפענטליכען מושטיר, וואס איז געוועזען דעם 31 אקטאבער אין דער קווינס האלע, איז געוועזען א גרויס פובליקום פון יודען און נישט־יודען, צווישען זיי אויף דער פאלקאווניק גאלדסמיד און דער לארד-מער סעמיול, פעלדמארשאל העגרי נארמאן, דער אינספּעקטאר פון דער ענגלישער ארמע גענעראל טורנער, לארד טשעלמיספארד און נאך פיעל אנדערע ענגלישע בעריהמטע מענער. נאך דעם מושטיר, ביי וועלכע די יודישע בריגאדע האט געוויזען ווי געשיקט זי איז אין די קערפערליכע בעוועגונגען, האט דער לארד-מער סעמיול געהאלטען א רעדע, אין וועלכע ער האט בעוויזען ווי וויכטיג די דאזיגע בריגאדע איז. דער גענעראל אלפרעד טורנער, וועלכער האט געטיילט מעדאלען די, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט אין מושטיר, האט זעהר געלויבט די געשיקטקייט פון די מיטגלידער פון דער בריגאדע, און דעם פאלקאווניק גאלדסמיד, וואס ער האט די בריגאדע ארגאניזירט, האט ער בעזונדער געלויבט. גענעראל טורנער האט אויך דערמאנט, אז דער ענגלישער קעניג האט געשאנקען דעם פאלקאווניק גאלדסמיד איין עהרען־טיטעל „וועגען זיינע פילאנטראפּישע פארדיענסטען, דערפאר וואס ער האט פארבעסערט די לאגע פון זיינע ברידער פון איין גלויבען. זיינע ברידער, וואס שטאמען אב פון דער אלטער און גרויסער ראסע, אויף וועלכע ער איז מיט רעכט אזוי שטאלץ. אויך לארד טשעלמיספארד האט געהאלטען א רעדע און האט אויך זעהר געלויבט די בריגאדע און דעם פאלקאווניק גאלדסמיד. דערנאך האט דער פאלקאווניק גאלדסמיד געהאלטען א רעדע, אין וועלכע ער האט געדאנקט די געסט פאר דעם כבוד, וואס זיי האבען אנגעטאן מיט זייער קומען און האט בעוויזען, ווי וויכטיג די דאזיגע בריגאדע איז פאר די קומענדיגע דורות. די הכנסה פון דער בריגאדע האט פאריגעס יאהר בעטראפען 120 פונט שטערלינג און די הוצאה 150 פונט שטערלינג. דער פעלדמארשאל ה. נארמאן און דער גענעראל

אלפרעד טורנער האבען איינגעשריבען זייערע נעמען אין די רשימה פון די מיטגלידער, וואס צאהלען אויסצוהאלטען די דאזיגע בריגאדע.

## קארעספאנדענציעס.

קראקא. שבת דעם 21 נאוועמבער האט זיך אין קראקא געענדיגט דער משפט וועגען די יודען, וואס זענען אם 9 יולי איבערפאלען קריסטען, וואס זיי האבען זיי חושד געוועזן, אז זיי ווארפען אונטער פארגיפטעטע צוקערלעך פאר יודישע קינדער. אנהייב זומער איז צווישען די יודען אין גאליציע פארשפרייט געווארען א שמועה, אז פרעמדע קריסטען פאהרען ארום אין אלע שטעדט און לייגען אונטער ביי די חדרים און ביי די שוהלען פעקלעך צוקערלעך, וואס זענען געמישט מיט גיפט און א סך קינדער זענען שוין פארסמ'ט געווארען פון דעם. די שמועה איז אויך אין קראקא שטארק פארשפרייט געוועזן. די מייסטען יודען האבען געגלויבט און עס האט זיך געמאכט אין שטאדט א שטארקער פחד. דעם 9 יולי איז די אויפרעגונג געוועזן אזוי שטארק, אז יודען פונ'ם פעבעל זענען איבערפאלען יעדען קריסט, וואס זיי האבען בעגעגענט אין א יודישער גאס, זיי האבען זיי חושד געוועזן, אז זיי לייגען אונטער די צוקערלעך. ניין קריסטען זענען אין פארשידענע גאסען איבערפאלען געווארען פון טויזענטער יודען, וואס האבען זיי געשלאגען אהן רחמנות, צעביילט און צעבלוטיגט און זייערע קליידער צעריסען. עטליכע פון די געשלאגענע קריסטען זענען אין חלשות געפאלען. פאליציימענער און סאלדאטען האבען די געשלאגענע קריסטען געפיהרט צו די פאליציי-דירעקציע, דארט האט מען זיי אונטערזוכט און מען האט גאר נישט געפונען ביי זיי, מען זאל זיי קאנען חושד זיין. צווישען די געשלאגענע זענען געוועזן דריי סטודענטען פון דער מאלער אקאדעמיע און צוויי קייזערליכע בעאמטען. 17 יודען זענען ארעסטירט געווארען. דריי טאג האט געדויערט די שלום-פארהאנדלונג. עס זענען בעשטראפט געווארען, א יודישע פרוי, וואס האט געהעצט דעם פעבעל אויף די קריסטען, צו 2 וואכען שווערען קערקער. איין יוד צו 4 חדשים, דריי יודען צו 3 חדשים, דריי צו 2 חדשים און איינער צו 1 חדש שווערען קערקער, אלע פארשארפט מיט פאסטען איינמאל אין דער וואך. דער פראקוראטאר ד"ר פמאש האט געזאגט, אז יודען האבען דאס בלבול פון די צוקערלעך אויסגעטראכט, כדי זיך נוקם צו זיין אן די קריסטען. און ווען זיי זאלען נישט געוועזן מורא האבען, וואלטען זיי געוועזן פיעל קריסטען טויט געשלאגען.

ל.

## בריף פון פאריז.

איהר האט אוודאי געהערט פונ'ם ד"ר אלכסנדר מארמארעק? איהר ווייסט, אז ער איז איינער פון אונזערע בעסטע און איבערגעבענסטע ציוניסטען. איהר האט מן הסתם געהערט, אז ער איז אויך א בעקאנטער געלעהרנטער, איינער פון די דאקטוירים, וואס ארבייטען מיט כבוד אין אינסטיטוט-פאסטער און ראטען אויס די קליינע פגעים רעים, די מזיקים, וואס מען זעהט זיי ניט אפילו מיט די אויגען און וואס ברענגען אויף דעם ארימען מענשען אלע ביטערע און שרעקליכע קרענק. דארט אין דעם אינסטיטוט, וואו מען האט שוין געפונען פיעל מיטלען געגען די קרענק, וואס קומען פון די קליינע בעשעפענישען, דארט ווי מען פריווט פארשידענע "סערום" אדער איינשפריצונגען פון גיפטען, וואס טייטען די קליינע מזיקים, אויף קראליקעס, אויף מאלפעס און אויף אנדערע חיות איידער מען וואגט צו בענוצען זיי אויף קראנקע מענשען, דארט, וואו מען האט אזוי געפונען מיטלען געגען פיעל ליידען, ווי א ביס פון א משוגע'נעם הונט, דיפטעריט און פיעל אנדערע קראנקהייטען, וואס נעמען אוועק קינדער פון עלטערן און עלטערן פון קינדער — דארט ארבייט אויך אונזער מארמארעק שוין פיעל יאהרען. ער איז אפילו נאך יונג, ער איז קוים 38 יאהר אלט. ער האט שוין אבער פאר איניגע יאהרען א "סערום" געגען געווינערינס-פיבער געפונען, און די ענטדעקונג האט איהם א גרויסען נאמען געמאכט. זי האט איהם געבראכט פרעמיעס פון דער פאריזער און אנדערע אקאדעמיען; דער עסטרייכישער קייזער האט איהם א גרויסען ארדען געשיקט און די פראנצויזישע רעפובליק האט איהם געעהרט מיט איהר שענסטען און בעסטען צייכען, מיט דעם ארדען פון עהרענלעגיאן.

דער ד"ר מארמארעק איז אבער צו א פלייסיגער ארבייטער און א מענשען-פריינד, אז ער זאל זיך בעגניגען מיט דער ערשטער ערפינדונג — און אזוי ווי אין ציוניזם רוהט ער קיינמאל ניט און גיט אוועק זיינע לעצטע כחות, כדי יודען צו העלפען, אזוי פארגעסט ער אויך קיינמאל ניט די גאנצע מענשהייט און טוט וואס ער קאן, בכדי צו פארקלענערען די ליידען פון די אומגליקליכע מענשען. — בערך 6 יאהר האט דער דאקטאר מארמארעק געארבעט איבער פריפונגען מיט א סערום געגען דער ביטערער קרענק שווינדזוכט אדער טשאחאטקע.—ביז איצט האבען די גרעסטע געלעהרנטע ניט געפונען קיין מיטעל געגען דער שווינדזוכט. מיט איניגע יאהר צוריק האט דער פראפעסאר קאך געמיינט, אז ער האט שוין געפינען א מיטעל, נאר עס האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם. ד"ר מארמארעק האט, נישט קוקענדיג אויף דעם, געהאט גענוג בטחון און אמונה צ ארבייטען אין דעם דרך אויף זיין אייגענער אחריות און גאר מיט א נייער מעטאדע. 6 יאהר האבען געדויערט זיינע פריפונגען; די ערשטע יאהרען האט ער געפרובט אויף פערד, וועלכע מען האט פריהער געמאכט שווינדזיכטיג דורך דעם וואס מען האט אין זיי אריינגעבראכט דעם קליינעם מזיק, וואס ברענגט די טשאחאטקע און נאכדעם געהיילט מיט דעם נייעם סערום. וואס ער האט ערפונדען. די נסיונות האט מען געמאכט אין 3 שפיטעלער אין פאריז, און ערשט, אז ער און אנדערע דאקטוירים האבען זיך איבערצייגט, אז דער מיטעל איז א זיכערער, האט מען אנגעהויבען צו פרובען אויף קראנקע מענשען און אז ער האט בעקומען מעהרערע גוטע רעזולטאטען, האט ער זיך בעשלאסען בעקאנט צו מאכען אפען זיין מיטעל. דא האט זיך אבער אנגעהויבען א גערודער: די געלעהרנטע חברים פון ד"ר מארמארעק אין אינסטיטוט פאסטער, וואס האבען מורא געהאט, אפשר אין גאנצען לשם שמים און אפשר ניט, אז דער סוף פון דעם נייעם סערום וועט זיין ווי דער סוף פון דעם ד"ר קאכס מיטעל, האבען אויף זיך קיין אחריות ניט געוואלט נעמען. דא האט זיך דער ד"ר מארמארעק בעשלאסען, זיך לויז צו זאגען און זיי צו בעפרייען און ער האט זיך

אבגעזאגט פון דעם אינסטיטוט־פאסטער, בכדי ער זאל קאנען אויף זיין ריזיקע אלעס ענטדעקען און מפרסם זיין זיין מיטעל. די גרויסע פראנצויזישע צייטונגען האבען פיעל גערעדט פון דעם אינצידענט און זיי האבען אלע כמעט בענוצט די געלעגענהייטען צו לויבען דעם כאראקטער און די אונאבהענגיגקייט פון'ם יונגען געלעהרטען און האבען איהם רעכט געגעבען, וואס ער האט געפאלגט זיינע פעסטע איבערצייגונגען און ווארט מעהר ניט. זיין בילד איז אבגעדרוקט געוועזען אין פיעל ערטער און אלע ווארטען מיט אונגעדולד די פארלעזונג, וואס ער וועט מאכען אין דער פאריזער אקאדעמיע.

מיר פון אונזער זייט קאנען זאגען, אז מיר ווייסען פערזענליך פון פיעל פאלען, וואס קראנקע משאחאטשנע זענען געהיילט אדער בעסער געווארען, און אז פיעל געלעהרטע אין פאריז און אין אנדערע לענדער — אזוי דער פראפעסאר מיקוליטש אין ברעסלוי — שטיצען איהם און זאגען, אז זיין מיטעל האט געגעבען וואונדערליכע רעזולטאטען. מיר קאנען נאר זיך פרייהען אויף דעם אלס מענשען און אלס יודען.

די מעשה פון דרייפוס איז איבער א נייעס אויפגעשווימען. דער מיניסטער אנדריי האט געזעצט א קאמיסיאן, וועלכע האט זיך איבערצייגט, אז דער „דאסיי" ענטהאלט געפאלשטע דאקומענטען. אזוי צום ביישפיל איז אין דעם הויפט־דאקומענט „דער בארדערא" גאר לכתחלה געשטאנען די קאנאליע P, מען האט דעם P געמעקט און פון איהם א D געמאכט, בכדי אויף דרייפוסען דאס ארויפצווארפען. אויך האט מען געפונען אנדערע זייפים — איצט האט דער קריגס־מיניסטער געשיקט די רעזולטאטען דעם יוסטיץ־מיניסטער און אין גיכען קאן מען האפען, אז די לאנגע גרויסע מעשה אהן א סוף וועט דאך א סוף נעמען...

די ווינטער־קורסען אין דעם יודישען פאלקס־אוניווערזיטעט האבען זיך געעפענט. אין דער זעלבער צייט האט די פאריזער חברה „עבריה" איהרע ערשטע אספה אבגעהאלטען. דער פארזיצענדער ד"ר סלושץ האט דערצייהלט די פרטים און די רעזולטאטען פון דער אספה פון די „דוברי עברית" אין באזעל — און עס איז איינשטימיג בעשלאסען געווארען, אז די פאריזער חברה שטעהט צו צו דער הויפט־ארגאניזאציאן פון די „דוברי עברית", און אז זי וועט אבהאלטען 2 מאל אין חודש פאלקס־פערזאמלונגען אין דעם פאלקס־אוניווערזיטעט און 2 מאל געלעהרטע פערזאמלונגען אין די וואהנונג פון די יודישע סטודענטען. עס ווייזט אויס, אז דעם ווינטער וועט די חברה באמת אויפלעבען און מפרסם זיין אונזער נאציאנאלע שפראך אויך אין דעם גרויסען פאריז...

דער בעקאנטער נאציאנאלער מאלער ה' פיליחאווסקי מאלט צוויי אריגינעלע בילדער פון ד"ר נארדוי און פון דעם רב־הכולל ר' צדוק הכהן; עס וועלען זיין צוויי אמת ארטיסטישע געמעלדען, וואס וועלען אויסגעשטעלט ווערען אין דעם פאריזער בעריהמטען ‚סאלאן" אדער „קארטינעם און סקולפטורען וועלט־אויסשטעלונג".

דער דאקטאר נארדוי האט צוויי רעדען געהאלטען פאר זיינע בוחרים אין פאריז, ער האט דערקלערט, אז די אפריקא־פראגע איז מעהר א וויכטיגע, און אזוי ווי דאס טייל נעמען פון סארדיניע, וואס עס איז געוועזען א קליינע מלוכה, אין דער מלחמה פון קרים, האבען זי אויפגעהויבען אין די אויגען פון פראנקרייך און ענגלאנד, וועלכע האבען זי געפיהרט אין רוים אלס הויפטשטאדט פון דעם בעפרייטען איטאליע; אזוי וועט אונז אויך אונזערע האנדלונגען און פאליטישער בונד מיט ענגלאנד ענדליך פיהרען נאך ציון...

דער ד"ר נארדוי האט גערעדט מיט הארץ און בעגייסטערונג און דער עולם האט איהם מיט אויפמערקזאמקייט צוגעהערט.

ד"ר בדן.

---

# א מאל אין הערבסט.

דאס איז געוועזען איינער פון יענע קראנקע צרה'דיגע טעג, וועלכע עס טרעפען זיך אין שפעט־הערבסט אפט אין אונזערע געגענדען, ווען די ליכטיגע זון בעהאלט זיך ערגעץ אין א ווינקעל פון דעם ווייטען אכזר'דיגען הימעל, און די חשכ'דיגע ערד געהט אויס פון בענגעניש נאך א שטראהל ליכטיגקייט און גוסס'ט...

קראנק איז געוועזען דער טאג פון פריה־מארגען אן. און ער האט זיך ארומגעווארפען א דערשראקענער, א פארוויינטער צווישען טאג און נאכט, און האט זיך, דאכט זיך, געקלאגט פאר די הימלען אויף זיין ביטערען מזל, וואס די זון, וועלכע האט די זומערדיגע טעג פארפלייצט מיט הייסע שיינענדיגע שטראהלען, האט איהם ווי א שטיף קינד פארטיילט, און ער דארף אויסגעהן פאר א שטראהל, און דארף זיך ארומוואַרפען צווישען לעבען און טויט... אבער די הימלען האבען, ווי עס ווייזט אויס א יד־אחת געמאכט מיט דער זון און האבען אויף זיין קלאגען זיך ניט הערענדיג געמאכט, זיי האבען זיך נאר נאך מעהר מיט דיקע בייזע וואלקענס פארצויגען, אז קיין שום קלאגען זיך זאל זייער רוה ניט קאנען שטערען...

און איך בין דענסטמאל אויך קראנק און צעבראכען געוועזען, אבער איך האב ניט געוויינט און האב זיך פאר קיינעם ניט געקלאגט, ווייל ערשטענס זענען מיינע אויגען שוין לאנג פארטרוקענט געווארען און צווייטענס האב איך ניט געהאט פאר וועמען צו קלאגען זיך; ווייל איך האב קיינמאל אין מיין לעבען קיין זון ניט געזעהן, איך זאל האבען נאך וועמען צו בענגען, און האב שוין לאנג אויפגעהערט אין הימלען צו גלויבען, איך זאל האבען פאר וועמען זיך צו קלאגען. מיין לעבען איז פון אנהויב ביז'ן סוף פארגאנגען אין א לאנגען צעצויגענעם הערבסט אונטער שווערע, בייזע חמארעס, אונטער א שטענדיגען רעגען פון שווערע ליידען...

און אין דעם דאזיגען קראנקען טאג בין איך א קראנקער אין גאס ארומגעקראכען, אליין ניט וויסענדיג ווי אזוי און נאך וואס איך בין פון מיין נאסען, פינסטערען קאמער ארויסגעגאנגען. איך האב געהויבען מיינע מידע אויגען ארויף אין דער הויך, וואו דער הימעל האט געדארפט זיין, וואו די זון האט, ווי מען זאגט, אמאל געלויכטען און... איך פלעג זיי גלייך צוריק אראבלאזען. איך בין שוין גאר אריינגעפאלען אין א ספק, צי עס האט גאר ווען געקאנט ביי אונז אויף דער קאלטער וויסטער וועלט זיין א זומער מיט אמת ליבליכע הימלען, מיט איין אמת גוטע זון, צי איז דאס אפשר גאר ניט מעהר ווי א שיינער ליגען, וועלכען די אומגליקליכע מענשען האבען אויסגעטראכט, זיי

זאָלען חאָטש האָבען מיט וואָס זיך צו טרייסטען אין די שלעכטע צייטען...

אָבער די מענשען אין גאס, וועלכע האָבען נאכאנאנד געאיילט אַהין און אַהער, האט גאָר ניט געקימערט דער קראנקער, דערשראָקע־נער טאָג מיט זיין בענקעניש נאָך א ליכטיגען שטראהל, נאָך א וואַרעמען שמייכעל פון זיין געליבטער זון. — די מענשען האַלטען ניט פון ליבע, ווייל זיי קאָנען פון איהר קיין חיונה ניט ציהען, און דעריבער נוצען זיי אויס דעם טאָג, ווי קראַנק און ווי חשך ער זאָל ניט זיין, אויף האַנדלען און דינגען זיך אין מארק, און פאַרטומלען איהם מיט זייערע חשבונות, אַזוי אַז ער ווערד נאָך קראַנקער, נאָך חשך׳דיגער...

— גיט מיר אויף אַ שנאַפּס! — האט זיך פּלוצלינג געלאָזט הערען נעבען מיר.

איך האָב טויזענטער אָרימע לייט געזעהן און האָב פיעל געלד צעטיילט אויף מיין לעבען, און האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, וואָס מען טוט מיט מיין געלד; אָבער אַזא מין נוסח פון בעטען האָב איך היינט דעם ערשטען מאָל דערהערט. דעריבער האָט דאָס מיך שטאַרק פאַר־וואונדערט, און איך האָב זיך ניט ווילענדיג אָבגעשטעלט.

פאַר מיר איז געשטאַנען איינער אַ יונגער, איין אָבגעריסענער, איין אויסגעדאַרטער מיט איינגעפאַלענע באַקען און מיט אויגען פאַר־זונקען טיעף אין קאָפּ. און ווייל איך בין געשטאַנען נאָהנט, האָב איך דערפיהלט, אַז פון זיין מויל הערט זיך אַ גערוך פון בראָנפען. איך האָב זיך אַ ביסל אָבגערוקט.

— איהר וואונדערט זיך? — האָט ער געזאָגט — נאַרישקייטען! ניט וואונדערט זיך... איהר מיינט, דאכט זיך, אַז איך בין שכור, בין איך טאקי שכור, אָבער אויסהערען דאַרפט איהר מיך, ווייל איהר דאַרפט מיך אויסהערען... איהר זייט איין איידלער מענש, זעהט זיך אָן... ניין, ניין! ניט פאַרענטוועַרט זיך; אַז מיך אינטערעסירט גאָר נישט דאָס, וואָס איהר וועט מיר זאָגען... אַז איך מוז זיך דאָך מיט וועמען עס איז אַ ביסל דורכרעדען, און זיי ווילען מיר קיינער ניט אויסהערען; זיי זאָגען, אַז זיי האָבען קיין צייט ניט... און איך האָב צייט, מיינט איהר?.. אויב איהר מיינט אַזוי, האָט איהר אַ טעות... ווייל איידער איך קלויב צונויף חאָטש אויף איין שנאַפּס, זעה איך זיך שוין ניט אַרום, ווי דער טאָג געהט אַוועק... אָבער אויסרעדען זיך פאַר וועמען עס איז מוז איך דאָך... קומט אַ ביסל ווייטער, אויב איהר האָט נאָר צייט... וואָס איז מיין אַרבייט? אַט, איך פאַרדיען שווער מיין ביסל שנאַפּס, רעדט גאָר ניט... איך עקספּלאָאַטיר די מענשליכע גוטסקייט... וואָלט איהר נאָר זעהן, ווי אַ גראָבע גאָטספאַרכטיגע מאַדאַם רוקט מיר אַמאָל אַריין אַ גראָשען אין האַנט און גלאָצט דערביי אויס די אויגען אַרויף, אַז גאָט הייסט דאָס, ער זאָל חס ושלום איהר מצוה ניט פאַרזעהן און זאָל ניט פאַרגעסען צו בעצאָהלען איהר מיט הונדערטער... אַז אַ מענש האָט פאַרגעניגען פון געבען, טאָ פאַר וואָס זאָל מען ניט נעמען?... נאַרישקייטען! איך זאָג אייך... איהר מעגט מיר גלויבען, אַז זומער איז מיין פוס דאָ ניטאָ... איך געה אַליין אום איבער ישובים און דערפער און קלויב נחת פון דער שיינער וועלט... איהר וואָלט זעהן סערא׳א וועלדער. סער׳א לאַנקעס!.. איהר האָט ווען געזעהן לאַנקעס?.. אָבער בלומען צי האָט איהר געזעהן?.. ניין, ניין! ניט פאַרענטווערט זיך און ניט טומעלט... זעהט, לאָזט מיך רעדען... איך מוז זיך דאָך פאַר וועמען עס איז אַמאָל אויסרעדען... און אַז זיי אַלע האָבען פאַרט קיין צייט ניט... איהר האָט ווען געזעהן אַ הונט, האָט איהר ווען?.. אַט קוקט מיך אָן... אַ ניכטערען הונט, מיין איך, אין אַ שכור׳ען טאָג... האָט איהר עפּיס אַ בעגריף אין אַ שכור׳ען טאָג?.. אָבער איך האָב שוין אייך פריהער געזאָגט, אַז ווען איהר וואָלט געזעהן לאַנקעס מיט בלומען, וואָלט איהר מיך פאַרשטאַנען... און ווי נאָר מיינע בלומען הייבען אָן אונטערגעהן, הויבט מיך אָן גלייך ציהען צו די... צו די... ווי רופט מע זיי? צי די מענשען אין שטאָדט, הייסט דאָס, צום בראָנפען, הייסט דאָס... פאַר אַלעמען בין איך אַ בעטלער, פאַר זיך בין איך אַ הונט, איין עלענדער הונט... איהר מיינט, אַז איך בין שכור? בין איך טאקי שכור... אָבער אַ שנאַפּס מוז איך מאַכען... אַמאָל בין איך אויך גע־וועזען אַ בלום... צווישען די לאַנקעס, דאָרטען... איז שוין אָבער אויס בלומען... קיין איינער ניט געבליבען... איהר מיינט, אַז איך האָב דענסטמאָל אויך געטרונקען? ניט מיינט דאָס, איהר הערט? איך בעט מיט גוטען... דאָרטען איז חאָטש געוועזען ליכטיג און פריש... איהר געדענקט?.. און דאָ הערט זיך גאָר בראָנפען מיט שוויים... מען זי־דעלט זיך. מען ליאַרמט. און קיינער האָט קיין צייט ניט... אַלע, מיט וועמען איך האָב זיך נאָר געוואָלט אַ ביסל דורכרעדען, טרייבען מיר אָב... איין איידלער מענש זענט איהר, זעהט זיך אָן און ווילט מיך יאָ אויסהערען... און אפשר ווילט איהר אויך ניט? דער גוטער יאָהר ווייסט אייך... אַבי איהר טרייבט מיר ניט אָב... און אפשר בין איך טאקי גאָר קיין הונט ניט? קכע־קכע־קכע!..

די לעצטע ווערטער האָט ער שוין קוים אַרויסגערעדט, ווייל ער איז געוועזען זעהר פאַרמאַטערט פון זיין פיעל רעדען און האָט זיך פאַרהוסט, ווייל עס האָט איהם פאַרחאַפּט דעם אָטעם. ער האָט גע־הוסט עטליכע מינוט נאַכאַנאַנד, און איך האָב איהם אָנגעהאַלטען, ער זאָל ניט פאַלען. ווי ער האָט זיך נאָר אויסגעהוסט, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— און אפשר בין איך טאקי אַ מענש און אַ קראַנקער? עט, נאַרישקייטען!... אַ הונט אָהן ציינער, אַ הונט וואָס בעטעלט בין איך... וואָלט איך געוועזען אַ קראַנקער מענש, וואָלט מען מיר דען געלאָזט זיך וואַלגערען אין די גאַסען?... פאַר מענשען איז דאָך פאַראַן דאָקטוירים, ברויט און וואַרעמע טיי אויף צו דערוואַרעמען זיך. שכור בין איך... אַ מענש בין איך טאקי אַ שכור׳ער, אָבער אַ הונט בין איך אַ ניכטערער... טאָ גיט מיר אויף אַ שנאַפּס!... איהר האָט ניט? אָבער אַז איהר וואָלט געהאַט, וואָלט איהר געגעבען? איהר וואָלט געוויס געגעבען... גוטע יאָהרען אייך דערפאַר... אַט געהט עפּיס אַ יודענע. זי וועט אפשר...

מיט די לעצטע ווערטער איז ער אַוועק צו דער יודענע, וועלכע ער האָט פון ווייטען דערזעהן, און איך בין געבליבען אַליין. איך האָב זיך אַרומגעקוקט, וואו איך בין פערגאַנגען, ווייל איך בין די גאַנצע צייט געוועזען ווי צעטומעלט, און האָב אפילו גאָר ניט בעמערקט, אַז מיר געהען...

איך בין געשטאַנען אויף אַ שמאָל, שמוציג געסל אין אַ פאָרשטאָדט, זעהר ווייט פון דער היים.

דער קראַנקער הערבסטליכער טאָג האָט שוין, ווי עס ווייזט

אוים, זיין לעצטען האפנונג אויף א ליכטיגען שטראהל פארלויערען און האט שוין אפילו זיך ראנגלען ניט געוואלט. דער אבענד האט זיך שוין געצויגען פון אלע זייטען מיט זיינע שווארצע פליגעל און האט שוין גענומען אלעס באדעקען מיט זיין פינסטערניש און עס האט זיך אויסגעדאכט, אז באלד וועט אלעס פארזונקען אין א שווארצען תהום און פון דער גאנצער וועלט וועט אפילו קיין זכר ניט בלייבען...

מעהר ניט די מענשען האבען, דאכט זיך, גאר אפילו ניט באמערקט דאס, וואס עס טוט זיך ארום. זיי זענען געוועזען שטארק פארנומען מיט זייערע געשעפטען און האבען נאך, ווי עס ווייזט אוים, זייער האנדלען און דינגען זיך ניט געענדיגט, און האבען דעריבער אנגעצונדען זייער אייגען נאכגעמאכט ליכט מיט די רויכיגע שטראהלען און זענען געבליבען ווייטער פארטיעפט אין זייערע חשבונות...

משה טייטש.

---

# דאס פארלאשענע ליכט.

היינטיגס יאהר אזוי ווי תמיד,
ווען יום-כפור קומט, ביים עמוד,
שטעלט די פרומע חנה-לאה
זיבען וואקס-ליכט אין איין רייהע,
זיבען ליכט פאר זיבען קינדער,
אום עס זאל פון זיי ניט מינדער
דורכ'ן יאהר חלילה ווערען.
היינטיגס יאהר געוויינט אין טרערען,
שטעהט זי אין דער שוהל פארביטערט,
און דאס הארץ איהרם רייסט און ציטערט,
און זי חליפעט אויפ'ן מחזור:
„גאט צי ווייסטו אזא-נ-אכזר
„זיין און מיין געבעט פארשעמען,
„און מיין עופ'עלע מיר צונעמען,
„מיין מיזיניק'ל דעם ליבען,
„וואס איז קראנק אין דער היים געבליבען ?

אין דער שוהל די מאמע חליפעט.
אין דער היים דאס קינד איהרם חריפעט,
זיך מיט לעצטע כוחות מאטערט,
צווישען טויט און לעבען פלאטערט.
דאך די אויגען פון דער מאמען,
קוקען אויף די זיבען פלאמען,
און זי ציילט זיי „זיבען... ריכטיג —
„אלע ברענען קלאר און ליכטיג,
העל פון יעדען קנויט דער גלאנץ נאך,
אלע קינדער זענען גאנץ נאך...
ווען די זיבען פלאמען שטילע,
וועלען ציהען איבער נעילה,
וועט זי זיכער, ביי זיך וויסען,
אז מע האט דעם גזר צעריסען...

אבער פלוצלינג וואס בעמערקט זי ?
און א שווארצער פחד ווערגט זי —
איינער פון די קנויטלעך פונקעלט,
שוואכער, שוואכער... ווערד פארטונקעלט,
צאנקט און ציטערט און זיך ראנגעלט,
ווי איהם וואלט די לופט געמאנגעלט,
ווי די געפעהרליכע מלחמה
פון איין ארימע נשמה,
ווען דער טויט מיט שווארצע פליגלען
קומט דעם לעבענס סוף פארזיגלען...

שרעק פארפרירט דאס הערצענס-בלוט איהר...
און די אומגליקליכע מוטער
לויפט צום קינד אהיים אהן אטעם;
דאך דער מלאך-המות האט איהם
איידער זי איז נאך געקומען,
די נשמה צוגענומען...

ס'ווייזט די מוטער אויפ'ן טויטען:
אין דער שוהל פון זיבען קנויטען
זענען ברענען זעקס געבליבען,
שוואר'ץ איז איינער פון די זיבען...

דענווער קאלא. (אמעריקא). יהואש.

---

# מיין ערשטער מאלצייט אין דער פרעמד.

(איין ערצעהלונג פון איין אלטען נע־ונד'ניק).

מיט פארשלונגענע טרערען און פארשטיקטע זיפצען האב איך געגעסען מיין ערשטען מאלצייט אין דער גרויסער שטאדט וו... וואו מיין בייזער מזל האט מיך פארווארפען... ווי זאל איך אייך דאס גאר אנרופען... עפים אזוי אבלאכענדיג פון מיר...

איהר קענט זיך דאס גאר ניט פארשטעלען, ווי שלעכט, ווי טרויעריג ס'איז מיר דענסטמאל געווען אויפ'ן הארצען!

איך האב זיך אליין ניט געגלויבט, איך האב ניט געגלויבט, אז אלעס, וואס מיט מיר טוט זיך, און אלעס, וואס מיט מיר האט זיך געטאן אין די לעצטע צוויי טעג, אז דאס אלעס איז אויפ'ן וואהר און ניט אין חלום, אזוי נאריש, אזוי ווילד און קרום א'ז דאס אלעס געווען אין מיינע אויגען.

עסענדיג יענעם מאלצייט, בין איך געזעסען צווישען א לוסטיגער געזעלשאפט, צווישען אלטע דורכגעטריבענע נע־ונד'ניקעס, וועלכע האבען שוין אויף זייערע ביינער אלעס איבערגעטראגען, צווישען יענע וואנדערער, וואס קוקען אויף אלעס מיט א קאלטען שמייכעל, רעדען וועגען אלעס מיט א טרוקענעם און היכיגעם געלעכטער, אפילו אין יענער צייט, ווען זייער הארץ איז פול מיט גאל און אומגליק...

איך האב יענעם מאלצייט געגעסען אין א לאנגען, ברייטען, אבער א נידריגען צימער, וועלכער איז געווען פארווארפען פון אלע זייטען מיט פעקלעך, זעק און קלומקעס פון פארשידענע מינים, וועלכע איז געווען עפים אזוי ווי פול, אנגעלאדען מיט פארשטיקטע זיפצען און טרערען פון טויזענטער פארוואגעלטע...

הילכיג און געשווינד האבען ארום מיר געקלאפט די לעפעל

אונ די טעלער, געשמאק אונ פארטיעפט האט יעדער איינציגער פון דער חברה געגעסען זיין פארציע; די וועלכע זענען געזעסען נאהנט איינער נעבען דעם אנדערען, האבען זיך אפט איבערגעווארפען צווישען זיך מיט פרייהליכע בעמערקונגען.

אונ איך בין געזעסען עלענד ווי א שטיין...

פון אנהויב האט מיך איינער עפיס יא געפרעגט, מיר דאכט זיך, ער האט מיך געפרעגט: צוליב וואס בין איך געקומען אין וו...? נאר איך האב איהם אויף זיין פראגע געענטווערט געציילטע ווערטער, דען אויפ'ן הארצען איז מיר געווען זעהר טרויעריג, אונ יענער האט זיך צו מיר שוין מעהר ניט אומגעקערט אין דער גאנצער צייט פון מאלצייט.

איך בין געזעסען פארקלעמט אונ האב זיך געפיהלט עלענד ווי א שטיין...

מיין הארץ איז געווען פול מיט זארג אונ בענקען, פול מיט זארג פאר מיין קינדערשער לאגע אין א פרעמד לאנד, צווישען אונבעקאנטע אונ, ווי איך האב בעמערקט, ניט קיין צוגעלאזענע מענשען, אונ פול מיט בענקען נאך אלע מיינע ליבע היימישע; נאך מיין אלטען טאטען אונ מאמען, וועלכע האבען אזוי ביטער אונ געריהרט געוויינט פאר מיין אוועקפאהרען, נאך מיינע קליינע צוויי ברידערלעך, וועלכע זענען די לעצטע צוויי טעג כסדר נאר געשטאנען נעבען מיר אונ געקוקט אויף מיר שטילערהייט אונ ווי נאר איך פלעג זיי עפיס בעטען, פלעגען זיי דאס באלד ערפילען ערנסט אונ ליב... פול מיט בענקען נאך... רייזעלען, אונזער שכנ'ס טאכטער...

ארימע רייזעלע!... שטילערהייט האט זי געליבט אונ שטילערהייט האט זי אין איהר הארצען באגראבען איהר ליבע...

כל זמן איך בין געווען אין דער היים אונ איך האב ניט געקלערט וועגען פאהרען ערגעץ, האט זי מיר ניט ארויסגעוויזען קיין גרויסע סמנים פון ליבע: זי האט אויף מיר געקוקט, אלס אויף א חתן, וועלכען מען טאר ניט צופיעל נאכגעבען: ער זאל ניט קריכען, ווי מע זאגט אויף די גלייכע ווענט. ווי זי האט אבער דערהערט, אז איך רעכען אוועק פאהרען אין דער פרעמד, האט זי אנגעהויבען ניט דורכצולאזען קיין געלעגענהייט זיך צו זעהן אונ רעדען מיט מיר... אונ ווי ווייך, ווי צערטליך זענען געווען איהרע אויגען, ווען מיר פלעגען בלייבען אליין!

די לעצטע אכט טאג פאר מיין אוועקפאהרען, ווען זי האט זיך שוין איבערצייגט, אז פאהרען וועל איך געוויס, האט זי זיך גלייך ווי בעהאלטען פון מיר... זי האט זיך אפילו געזעגענען מיט מיר ניט געוואלט; יענעם טאג, ווען איך האב אנגעזאגט, אז איך וועל קומען צו זיי זיך געזעגענען, איז זי פון דער היים אוועק.

אונ נאר אויף מארגען, ווען איך בין שוין געזעסען אויפ'ן פוהר, ווען איך בין פארביי געפאהרען פארביי איהר פאטערס הויז, נאר דענסטמאל האב איך זי געזעהן. זי איז געשטאנען נעבען פענסטער בלאס, גיט פארקעמט. זי האט געקוקט גלייך מיר אין די אויגען, נאר קענטיג איז געווען אין איהר בליק, אז זי טוט דאס ניט גערן, אז עפיס א שטארקע קראפט צווינגט זי, זי זאל שטעהן אונ קוקען אויף מיר, אבער וועלען וואלט זי בעסער געוואלט אוועק געהן פון פענסטער... אוועק געהן, אוועק געהן...

די פוהר איז נאך געפאהרען שטיל, אונ איך האב געקאנט זעהן רייזעלען א היבשע צייט. פון אנהויב האב איך אויף איהר אויך נאר געקוקט... איך האב געפיהלט, אז איך ווער שטארק בלאס, אז אין הארצען אונ אין די הענט הויבט אן צו ווערען עפיס א קאלטע אבגעלאזענקייט, אזוי ווי עפיס א שטארקע קראפט הויבט מיך אן צו שטויסען אויף הינטער, דריקען צום וואגען, צו דער ערד... אונ מיר האט זיך כמעט ווי געדאכט, אז אט, אט באלד וועט די פוהר גיט באשטעהן געגען דער קראפט, אט וועט זי זיך אבהאלטען אונ וועט בלייבען שטעהן אויף איין ארט.

נאר די פוהר איז געפאהרען ווייטער...

איך האב שוין אנגעהויבען פארבייגעהן רייזעלעס פענסטער... איך האב זיך מיט אמאל ווי ערוואכט אונ האב זיך א נייג געטאן צו איהר.

אונ דענסטמאל, נאר דענסטמאל האב איך ערשט דערזעהן, ווי שטארק אונ ווי טיעף איז געווען איהר ליבע צו מיר.

אזוי ווי א שווארצער וואלקען האט זיך מיט אמאל אראבגערוקט אויף איהר געזיכט, איהרע ליפען האבען אנגעהויבען ציטערען... זי האט זיך האסטיג אבגעקערט פון פענסטער.

אונ פאר וואס פאר וואס בין איך אוועקגעפאהרען? — איך ווייס דאס אליין אויך ניט!

נאר דאס ווייס איך געוויס, אז די לעצטע טעג פאר מיין אוועקפאהרען וואלט איך זעהר גערן געוועזן, ווען עס וואלט זיך געווען מאכען עפיס א מניעה אונ איך זאל ניט קענען פאהרען.

נאך בעסער, איך האב קיין מאל גאר ניט אנגעהויבען וועלען ערנסט פאהרען, אונ אין דער אמת'ען, פאר וואס האב איך יא געוואלט וועלען ערנסט פאהרען? גאר אין גאנצען בין איך דענסטמאל געווען א בעל־הבית'ישער בחור, דאס הייסט, א בחור, וואס מעהר ווי אויף א חתן צו זיין טויג ער ניט צו קיין שום זאך אין דער וועלט — הײנט אויף וואס האב איך זיך געקאנט ריכטען אין דער פרעמד? אויף קיין נחת א ודאי ניט, אונ צו ליידען ב'ן איך געווען זעהר ניט געוואהנט; איך בין ניט געווען געוואהנט אפילו צו טראכטען וועגען ליידען. דערפאר האב איך זיך אין די שפעטערדיגע יאהרען צוגעוואהנט צו ליידען אונ נאך ווי צוגעוואהנט!

ווי איך האב אנגעהויבען רעדען פון אנהויב אן וועגען פאהרען, האב איך זיך אליין ניט געגלויבט, אז פון דעם וועט עפיס וואס ס'איז ארויסקומען; איך האב דאס איינגאנצען מעהר ניט גערעדט ווי לפנים וועגען. ס'איז מיר אין יענער צייט פשוט נמאס געווארען, אדער ריכטיגער גערעדט, ס'איז מיר געווען א חרפה ארום צו געהן גאנצע טעג שלינג אונ שלאנג, לערנען אין בית המדרש. האטש איך האב יא אביסל געהאלטען ביים לערנען, האב איך, זאל מיר צו קיין חרפה ניט זיין, זיך געפוילט אונ וואס פאר א תכלית וואלט דאס געווען זיין? — האב איך זיך מישב געווען אונ האב ארויסגעלאזען א קלאנג, אז איך פאהר אין דער פרעמד לערנען קענטניש. נאר דאס איז אבער געווען, ווי איך האב אייך שוי

געזאגט, מעהר ניט ווי לפנים וועגען, כדי צו פארשטאפען לייטען די מיילער.

אויף דער פראגע: אויב איך פאהר? פלעג איך געוואהנטליך ענטווערען: יא! נאר אלע מאל פלעג איך בשעת מעשה פיהלען, אז דער ענטווער מיינער איז עפּיס ווי געניים; אלע מאל פלעגט מיר בשעת מעשה אריין קומען א האפנונג אין הארצען. אז די עלטערן מיינע וועלען מיך מן הסתם ניט דערלאזען פאהרען.

איך האב ניט געגלויבט אין מיין פאהרען אפילו אין יענער צייט, ווען ביי מיינע עלטערן איז שוין אויך רעכט געווארען מיך לאזען אוועקפאהרען. מיינע עלטערן האבען זיך ביי מיר מעהר ניט געבעטען, איך זאל ניט פאהרען, אונ דאס אויך מעהר ניט די ערשטע צייט. איין מאל האבען זיי מיך אפילו געבעטען מיט טרערען; נאר ס'קומט דאך אבער עפּיס ניט אויס, נעמען אליין אונ זיך אונטערגעבען... איך האב געמיינט, איך האב געהאפט, אז זיי וועלען זיך שטעלען שטארק: איין מאל פאר אלע מאל, מיר וועלען דיך ניט לאזען פאהרען! נאר זיי האבען דאס ניט געטאן, אונ ווייטער, עפּיס ווי עמיצער וואלט מיך גייטען, פלעג איך זיי מוזען זאגען: איך האב אייך איין מאל געזאגט, אז איך פאהר!

נאר דאך אזוי האב איך נאך פארט ניט געגלויבט, אז איך פאהר טאקי. איך האב ניט געגלויבט ביז וואנען איך האב זיך געזעצט אויפ'ן פוהר; מיר האט זיך נאך אלץ געדאכט, אט, אט וועט זיך עפּיס מאכען א מניעה, אונ איך וועל בלייבען זיצען אין דער היים...

אבער קיין מניעה האט זיך ניט געמאכט, אונ איך בין מיט גוואלד ארויס געריסען געווארען פון דערהיים...

פאר מיין אוועק פאהרען זענען אלע צו מיר געווארען אזוי שטארק צוגעלאזען, אלע זענען מיר געווארען אזוי שטארק באליבט, אז איך... איך ווייס גאר ניט, ווי זאל איך דאס אלעם ארויסגעבען, איך האב גאר קיין ווערטער ניט אויסצודרוקען אלעם, וואס איך האב אין יענער צייט איבערגעפיהלט.

אונ ווען איך בין דורכגעפאהרען דורך אונזער שטעדטל, האבען אלע אויף מיר אזוי פריינדליך געקוקט...

אונ די טרערען פון מיינע עלטערן בשעת'ן געזעגענען... רייזעלעס בלאסע געזיכט מיט איהרע בעטענדע אויגען, וואס דאס אלעם האט מיך דעם גאנצען וועג ווי נאך געיאגט, דאס אלעם האט מיר אזוי צעווייקט מיין הארץ... אזוי געצויגען צוריק א היים... דעם גאנצען וועג האט מיך געצויגען צוריק...

נאר דער פוהרמאן האט זיך גאנץ קאלטבלוטיג געטריבען דעם פערדל זיינעם אלץ ווייטער אונ ווייטער...

אונ פון דעם וואגזאל אן האב איך פאר זיך דערזעהן עפּיס גאר איין אנדער זארט וועלט, עפּיס א פרעמדע אונ א קאלטע וועלט... אויס פריינדליכע אונ ווארעמע בליקען, קיינעם ארט ניט, וואס דו ביזט אונ ווי די ביזט...

דער צוג האט מיך אויפגעחאפּט אונ האט מיך פארטראגען, פארווארפען אין א פרעמד-לאנד, צווישען פרעמדע, ווילד פרעמדע מענשען, אונ איך בין מיט א מאל געבליבען עלענד ווי א שטיין... וואס וועט דאס זיין פון מיר?

מיט א זעלבע זארג אונ בענגען איז געוועזען פול מיין הארץ אין דער גאנצער צייט פון מיין ערשטען מאלצייט אין דער פרעמד.

איך בין געזעסען פארוואונדערט, פארקלעמט... וואס טוט זיך דא מיט מיר, וואס האב איך דאס אויפגעטאן? — פלעג איך זיך אפט פרעגען.

אונ ווען איך פלעג זיך אזוי ווי דערוואכען אונ פלעג א קוק געבען אויף דעם לאנגען, ברייטען אונ נידעריגען צימער, וועלכער איז געוועזען, פארווארפען מיט פעקלעך, זעק אונ קלומקעס פון פארשידענע מינים, ווען איך פלעג זיך צוהערען צו דעם הילכיגען אונ טרוקענעם געלעכטער פון די, וואס זענען געזעסען נאהנט ארום מיר, צו דעם הילכיגען אונ גלייכגילטיגען קלונג פון די לעפעל אונ די טעלער — פלעג איך נאך מעהר פיהלען, ווי עלענד איך בין... עלענד ווי א שטיין...

וואַרשא. מ. ב. לאזעבניק.

## ווי אזוי לערנען זיך מענשען רעדען.

(פארטזעצונג שטאט ענדע)

דאס קינד ווערד אלט 4—5 יאהר, מען הייבט עס אן צו לעהרנען לעזען אונ שרייבען: דאס קינד נעמט אין דעם זכרון אריין, ווי עס זעהט אויס דאס ווארט „גלעקל" געדרוקט אדער געשריבען אונ עס קאן זיך שוין דאס געדרוקטע אדער געשריבענע ווארט מיט צוגעמאכטע אויגען פארשטעלען, גלייך עס וואלט עס פאר זיך געזעהן געדרוקט אין דער לופט: איצט קאן מען זאגען, פארמאגט שוין דאס קינד א זעה-בילד אדער שריפט-בילד פון דעם ווארט. ווייל אין דער אייגענער צייט, ווען דאס קינד זעהט דאס ווארט אויף דעם פאפּיער, הערט עס אין איין וועגס, ווי אזוי עס לייענט זיך הויך, פארבינדט זיך דאס זעה-בילד פון דעם ווארט מיט זיין הער-בילד. ווייל דאס הער-בילד פון דעם ווארט „גלעקל" איז שוין אבער לאנג פארבונדען געווארען אין דעם קינדס זכרון מיט דעם זעה-בילד פון דער געשטאלט אונ דעם הער-בילד פון דעם גלעקלס קלאנג, ווערד איצט דאס לעזע-בילד גלייך פארבונדען מיט דעם טייטש פון דעם גלעקל אליין אונ אזוי ווי דאס קינד זעהט דאס געדרוקטע אדער געשריבענע ווארט, פארשטעהט עס באלד, פון וואס פאר א זאך מען שמועסט דא, ווי די זאך זעהט אויס אונ וואס פאר א קול זי גיט ארויס. אזוי לערנט זיך דאס קינד אויס דאס וואס מיר רופען לייענען אונ פארשטעהן. איצט בלייבט נאך דאס שרייבען. אזוי ווי דאס קינד האט איבערגעלייענט דאס געשריבענע ווארט „גלעקל", ווייזט מען איהם, ווי עס זאל פיהרען מיט דער האנט. אז עס זאל קענען דאס אייגענע ווארט אויפשרייבען. דאס קינד נעמט זיך אין זין אריין אלע בעוועגונגען פון די פינגער, וואס מען ברויך דא צו טון; דעם זכרון פון די דאזיגע בעוועגונגען, וואס בלייבט אין דעם קאפּ פון דעם קינד, רופען מיר דאס שרייב-בילד פון דעם דאזיגען ווארט. דאס פארבינדט זיך אויך באלד מיט דעם טייטש פון דעם ווארט אזוי, אז ווען דעם יונגל וועט קומען אין די געדאנקען דאס בילד פון דעם גלעקל, וועט ער באלד זיך דערמאנען, ווי אזוי מען ברויכט צו פיהרען מיט דער האנט, אונ עס וועט קענען אויף דעם ארט אויפשרייבען דאס אייגענע ווארט.

קיין אנדערע ארטען בילדער איבער דער זאך קאן שוין מעהר

נישט זיין; זיי אלע זענען צווישען זיך פעסט פארבונדען אזוי, אז ווען איינס פון זיי גיט זיך אין דעם מענשס זכרון א רודער, חאפען זיך אלע אנדערע אויף; אזוי ווי דער מענש וואס ער פארמאגט די אלע דאזיגע בילדער, הערט נאר דעם קלאנג פון דעם גלעקל. איז ער באלד אים שטאנד זיך פארצושטעלען, ווי דאס גלעקל זעהט אויס; ער קאן באלד דאס ווארט ארויסזאגען, ער קאן עס אויפשרייבען, ער דערמאהנט זיך, ווי עס זעהט אויס געשריבענער אדער געדרוקטערהייט.

אויף אזא שטייגער לערנט זיך דער מענש זעהר א סך ווערטער פון די, וועלכע ער בענוצט שפעטער אין זיין לעבען. דער מענש פארמאגט אבער טויזענטער אונ צעהנער טויזענטער ווערטער, אונ ווען ער זאל מוזען יעדעס פון זיי פון עמיצען דאס ערשטע מאל הערען, וואלט ער מיט דער תורה פון דעם לשון קיין מאל אין זיין לעבען נישט פארטיג געווארען. אפילו דער פויער פון דארף, וואס קאן אם ווינציגסטען ווערטער, מוז אויך האבען איין ערך פון א טויזענט אדער 1500, אונ יעדעס ווארט געהט נישט אליין, נאר עס לעבט ביי דעם אייגענעם ווארט אין זעהר פיעל געשטאלטען אדער, ווי מען זאגט, פארמען. למשל דאס ווארט „געהן" טוישט זיך אונ גיט אזעלכע פארמען, ווי „געה", „געהסט", „געהט", „געגאנגען", „געהן" עס איז דא גאנץ וועניג לשונות, אין וועלכע יעדעס ווארט זאל האבען אזוי וועניג פארשידענע געשטאלטען, ווי אים יודישען. געוועהנליך האבען א סך ווערטער צו 15—20 פארשידענע פארמען, אונ נאך מעהר ווערטער האבען צו 30—40 געשטאלטען. קומט אויס אלזא, אז אפילו דער גרעבסטער, ווילדעסטער פויער, האט אויך צעהנער טויזענטער ווערטער, ווארום דער גרעסטער חלק פון זיינע 1000—1500 ווערטער טוישט זיך אין א סך אנדערע, עהנליכע געשטאלטען. ווי איז אלזא מעגליך דעם מענש די אלע דאזיגע ווערטער צו האבען פון עמיצען געהערט? אונ אפילו ער זאל זיי האבען אלע געהערט, ווי איז עס מעגליך צו בעהאלטען עס אין דעם זכרון? אויב דאס איז ביי דעם פראסטען פויער, וואס טוט זיך נאך ביי דעם שטאדס-מענש, וואס ער קאן א סך מעהר ווערטער? ביי דעם געלעהרנטען מענשען, וואס ער קאן רעדען אין עטליכע לשונות, אונ קאן רעדען איז יעדען לשון איבער א סך מעהר פארשידענע זאכען, ווי דער דארפס-פויער? אויף דעם אלעם האט זיך די נאטור גאנץ לייכט געפונען איין עצה: דער מענש ברויך גאר נישט צו הערען פון עמיצען אלע ווערטער, וואס ער וועט אמאל אליין בענוצען; אדער בעסער געזאגט, אלע ווערטער מוז ער טאקי הערען, נאר ער ברויך אבער נישט צו הערען אלע געשטאלטען פון יעדעם איינציגען ווארט. למשל, ער מוז נישט הערען אלע פארמען פון דעם ווארט „שטעהן" (שטעהן, שטעה, שטעהסט, געשטאנען, שטעהט); עס איז גאנץ גענוג פאר איהם, אז ער האט איין מאל געהערט אלע געשטאלטען פון דעם ווארט „געהן". פון איצט אן, וואס ער וועט הערען א ווארט, וואס בעטייט עפיס איין ארבייט, ווי למשל שטעהן, שפרינגען, טאנצען וכדומה, וועט ער שוין נאך די געשטאלטען פון דעם ווארט „געהן" (אונ די דאזיגע אלע פארמען האט ער געהערט) וויסען נאכצו-מאכען פאר זיך אליין די פארמען פון שטעהן, שפרינגען, טאנצען אונ אזוי ווייטער. ער ווייסט, אז פון דעם ווארט „געהן", ווען מען שמועסט פון זיך, זאגט מען „איך געה", פארשטעהט ער ממילא, אז פון דעם ווארט „שטעהן" זאגט מען אויך א ודאי „איך שטעה"; ער ווייסט, אז פון דעם ווארט „שטול" זאגט מען לשון רבים „שטולען", פארשטעהט ער גאנץ גוט, אז פון דעם ווארט „טיש" מוז מען זאגען „טישען".

(ענדע קומט).

י. וויינבערג

---

## איין אפענער בריף צו די דעלעגירטע פון זעקסטען קאנגרעס.

א מיטגליד פון דעם גרויסען אקציאנס-קאמיטעט, ה' מנחם מענדל אוסישקין האט זיך ערלויבט, אננעמענדיג די שטעלע אלס מיטגליד אין אקציאנס-קאמיטעט, צו וועלכען איהר האט איהם אויסגעקליבען, בעקאנט צו מאכען, אז אויף קיין אופן וועט ער נישט טון דעם חוב, וואס ליגט אויף איהם אלס מיטגליד פון אקציאנס-קאמיטעט, צו האלטען די בעשליסונגען פון קאנגרעס.

אונ וויל אזא בעקאנטמאכונג איז:

1) אבסורד וואס קיין ציוויליזירטער מענש וועט דערצו נישט מסכים זיין, צו ווערען א מיטגליד אין איין ארגאניזאציע אונ נים מקיים זיין איהרע פפליכטען;

2) איז דאס געגען דעם יסוד, אויף וועלכע אלע ארגאניזאציעס זענען געגרינדעט, דער יסוד, וועלכער צווינגט דעם אקציאנס-קאמיטעט אויסצופיהרען אלע בעשליסונגען פון דער ארגאניזאציע, וואס זענען אנגענומען געווארען דורך רוב דעות;

איין אונטערגראבונג אונטער די איינציגע ארגאניזאציע, אין וועלכע עס הענגט אב אונזער גאנצע בעוועגונג; איין אונטערגראבונג, וועלכע קאן ברענגען נאר אונארדנונג אונ צעשטערונג;

4) א בעליידיגונג געגען דעם קאנגרעס אויף זעהר א מאוס'ען אונ שעדליכען אופן;

איבער דעם אלעם האלטען מיר עס פאר א חוב, אלס ציוניסטען, וואס די עהרע אונ דאס בעשטעהן פון אונזער בעוועגונג זענען אונז טייער, זיך צו ווענדען צו אלע אונזערע חברים, וואס האבען איין מיינונג מיט אונז, צו די דעלעגירטע פון זעקסטען קאנגרעס אונ פאדערען פון זיי, אז זיי זאלען מבטל זיין זייער פאלמאכט. וואס זיי האבען אוסישקינ'ען געגעבען, אונ מודיע זיין עפענטליך, אז נאך זיין אויבענדערמאנטע בעקאנטמאכונג האט ער קיין רשות נישט, זיך צו בענוצען מיט די רעכטע, וועלכע מען האט איהם על פי טעות געגעבען.

מיר רעכענען, אז אלע דעלעגירטע פון דעם זעקסטען קאנגרעס, אהן שום חלוק צו וועלכע פארטיי זיי געהערען, וועלען וויסען גלייך מיט אונז צו שעצען די אויפפיהרונג פון דעם ה' אוסישקין, וואס איז געגען די לאגיק, ארדנונג אונ טאקט, אונ בעטראכטענדיג, אז דער כבוד פון קאנגרעס אונ דער שלום פון אונזער בעוועגונג שטעהט העכער פאר יעדען איינצעלנעם מענשען מעג ער זיין ווער ער איז, האפען מיר, אז זיי וועלען אונזער פארדערונג באלד מקיים זיין, א פארדערונג, וואס דער גאנצער ציוניזם פארלאנגט עס.

וואַרשא.	מיט ציונס-גרוס, דער קאמיטעט „בני ציון".

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

# החתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית **עולם קטן** שנה שלישית

המו"ל: הוצאת „תושיה" בורשה.

העורכים: א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.
ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבד שהוא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטובן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

כתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

## „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

## חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראינו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא כתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

## „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

**החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.**

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

---

## תשורות לחנכה!

מהוצאות „תושיה".

1) ספר החנכה. מאסף לבני הנעורים עם תמונות וציורים. מחירו 25 ק', מכ' 40 ק', פארטא 4 ק'.
2) יהודה המכבי. (מהסריא „מגבורי האומה) — ש. ברמן. מחירו 6 קאפ. פארטא 2 קאפ.
3) חנכה. (ציור הסטורי) — י. גרזובסקי. מחירו 8 ק', פארטא 2 ק'.
4) מלחמה ואהבה. (דרמה מימי החשמונאים) — ארנא, תרי א. ליבושיצקי מחירו 40 קאפ. מכורך 60 ק. פארטא 5 ק.
5) חץ תשועה. (אגדה לילדים)--יהודה שטיינברג. מחירו 4 ק', פארטא 2 ק'.

האדריסה:

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

(272) בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9. 1—3

---

פערלאג „פאלקסבילדונג".

## ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

**די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.**

פרייז: 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ג.

## דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

ציוניסטישע אגודות אונ מו"ס בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

## „הדגל"

בעד אחינו הקוראים ברוסיה

**מחירו: 5 רו"כ לשנה. לחצי שנה: 2.50 רו"כ.**

לשלוח בשטרי רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ'.

**האדריסה לבית המערכת:**

»HADEGEL« 6 TENTER str. north, LONDON, E.

ברוסיה לחתום אצל:

J. Kahanowitz, 38 Nalewki. in WARSCHAU.
Buchhandlung Leizer Tikocinski in Bialystock. Gouw. Grodno.

הנחה לרבנים ובתי מקרא לציונים, רק 3 רו"כ לשנה.
השנה מתחלת בירח אב. כסף החתימה בעד כל השנה למפרע.

---

עס דרוקט זיך

## דער זאמעל-בוך: „הילף"

די גאנצע הכנסה פון זאמעלבוך וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**פרייז 1 רובל מיט פארטא.**

רעדאקציע „יודישע פאלקס צייטונג"



בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**
ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34
אצל **א. צייזענגאלד** נמכרים כל מיני
(217) ספרים במקחים נמוכים. 25 50

---

**היימישע מיטטאגען!**
צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-
שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל-לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7,
(192) אין טהויער, 2 שטאק. 34-50

---

**Ищу УРОКОВЪ**
3—4 спеціально (267)
**по русскому языку,**
по весьма умѣренной цѣнѣ.
Адресъ: „Тушія", Т.

---

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка,
225 Вильна. 50—20

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 51—1
для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благоволятъ указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

**בית־מסחר ספרים**
**ב. צ. שיינפינקעל**
**ווארשא ולאטע 63**
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים
(210) בתנאים נאותים למאד. 26 50

---

**קעפיר „היגיענא"**
אונ סטערעליזירטע מילך פיר קינדער
ווארשא, נאלעווקי 36.
(273) סקלאד אפטעטשנע 1—52
**א. קאטיק עט קאמפ.**

---

**אומזוסט אהן געלד!!**
שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען
אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסס:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

**נור מיט עטליכע רובל**
קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט
אנטש פרנסה איינפיהרען. אבריפ'ליכע
ערקלערונג **חנם לכל דורש.**
**Я Найдичъ, Варшава.**



---

# אינטערעסאנט, שיין און וויכטיג
## איז דער בעריהמטער אדעסער
# יודיש־רוסישער טעגליכער אבריים־קאלענדאר
# (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)
## אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד־תרס"ה)
(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים־קאלענדאר איז זעהר שיין און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שיינעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט וואנטעל אין זעקס שיינע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש־רוסיש־איסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, אונ פויילישע שפראכע).
2) זונן־אויפגאנג־זונן־אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאהרצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף רייד.
8) טיראזשען פון די באנק־בילעטען,
9) פלאטץ אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)
אויף דער צווייטער זייטע קומט.
10) וואונדער־שענע אנעקדאטען,
11) וויכטיגע פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תעניתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבערראשט זיין פון דיזען וואונדער־שיינעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים־קאלענדאר.

(248) **פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.** 11—15

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא־פריי. — וועניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.**
**Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).**

---

# פאריזער נייעסטע מאדעלע
עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען
**ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**
אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען
147 אין 24 שטונדען. 22—2



---

# קני, פאלק & קאמפ. ליבאווא
די אוטאריזירטע פון פראווי-
טעלסטווא קאנטאר מיט זאלאג
פאן 15000 רובעל.



זי עקספעדירט פון **ליבאווא**
יעדע וואך דאמפפערן נאך אלע
ערטער פאן **אפריקא** (קאפשטאדט
יאהאננעסבורג, נאטאל א. ז. וו.)
**אמעריקא** (ניו-יארק, באסטאן, פילאדעלפיע, ציקאגא, ארגענטינע, בוענאס-אייריס א. ז. וו. **אווסטראליע, ענגלאנד** (לאנדאן, הולל לידס, מאנשעסטער א. ז. וו.) אונ איבערהויבט נאך **אלע זאגראניצנע** האפען שטעדט.
(266) וועגען פאדראבנאסטען קאן מאן נאכפרעגען ביי 2—4

# Кни, Фалькъ и Ком., Либава.

**אפטדעלוניעס** אין ווינדוי (קורלאנד), ווילנא, פאנעוועזש, שאוועל (קאוו. גוב.)

Кни, Фалькъ и Ком. Виндава, Курлянд. губ.
Кни, Фалькъ и Ком. Вильна.
Кни, Фалькъ и Ком. Поневѣжъ, Ков. губ.
Кни, Фалькъ и Ком, Шавли, Ков. губ.

---

Оптическо-Хирургическій складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

רוכבענדער עלעקטרא - גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר בילליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק
**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אלץ ווערד צוגעפאסט דורך ספעציאליסטען
234 25 18

---

**י. שעקמאן, ווארשא**
פאבריק פון זילבער פראבע 84
(128) עט אטעזוואארע. 43 50

**Я. ШЕКМАНЪ** Варшава, Налевки № 20.

